312

ז. סעגאלאוויטש

# לידער פון נעכטן

געזאמלטע ווערק

באנד VII

קאנאדער אידישע ביכער אגענטור
CANADIAN JEWISH BOOK AGENCY
G. POMERANTZ
358 MARKHAM ST. -:- TORONTO, ONT., CAN.

פארלאג ה. בזשאזא
ווארשע 1928

צו דיר, נייע לידער
צו דיר, מיין געבעט...

שטערן אין הימל,
פרויען אויף דר'ערד...
חויל צו דעם יענעם,
וואָס טרוימט און באַגערט.

וויל צו די בליקן,
וואָס רייסן זיך הויך,
וויל צו די באַקן
וואָס ליבע מאַכט בלייך.

## פלאַמען - רינג...

פון דאַנען קאָן מען נישט אַרויס...
אין פלאַמען - רינג אין אונזער הויז.

עס ברענט די טיר, דאָס פענסטער ברענט...
פלאַם - פייער פלאַמט אין מיינע הענט.

מיר וואַרפן זיך פון פלאַם צו פלאַם
מיר גייען אויס פון תאוה - סם...

## טאַנץ !

אַרונטער די קליידער,
אַרונטער די שאַנד...
נישטאָ מער קיין נדר
אין פייער - פאַרבאַנד.

און נאַקעט און פריילעך —
די טאַנץ פאַר מיר היינט.
איך בין דאָך דיין מלך,
דיין קנעכט און דיין פריינט.

פאַר יאָרן יסורים
פאַר פריידלאָזע נעכט
די טאַנץ, ווי אַשטורם —
די זינד איז גערעכט

ווייל שטאָלץ מאַכט דעם זינדער
דיין נאַקעטער גלאַנץ,
פאַרבלענד מיך געשווינדער,
ביז חלש'ן... טאַנץ!

# אָן אָטעם

אויסזויגן דעם זאַפט פון דיינע ליפּן.
אויסקושן די פאַרב פון דיינע באַקן,
בלייך דיך מאַכן, ווי אַבּלום פון צופיל זון,
בלייך פון ליבע...

שטאַרבן, אויסגיין, חלשן מיט דיר אינאיינעם..

ראַנגלען זיך מיט דיר אין גראָז אין פאַקשעווע,
אין שטעכעדיקע זאַנגען.
ווייט פון גאָט, פון מענטשן און פון טומל.
אָן אַן אָטעם איינגעשלונגען דיין אָטעם
און דערנאָך, דערנאָך!

דעם הימל זון און בלענקעט
דעם ליף פון וואַסער האָרכן,
דעם רויש פון וואַלד..
און דיך.
דעם נישט דערהערטן עכאָ
פון דיין באַפרייטן זיפץ...

## דיינע נעכט

כ'האָב די שטייפע אָרעם דיינע אויפגעעפנט,<br>
די ליפּן דיינע קושנדיק ביז בלוט געביסן.<br>
כ'האָב גענומען דיך אינגאַנצן.<br>
פלאַמענדיק דיין פלאַם גענומען,<br>
נאָך אַ לאַנגן דורשט האָב איך אַ פרישן<br>
קוואַל געפונען.<br>
און וויין געטרונקען ביזן דעק פון בעכער...<br>
אָך, ביזן פינפטן גלגול<br>
וועל איך די רגעס נישט פאַרגעסן<br>
פון דיינע געכט...

# װען איך קום פון דיר

איך קום פון דיר, װי פון אַ פעלד
מיט פרישן אויסגעשפרייטן היי,
װי פון אַ װייגאָרטן
װו טרויבן צייטיקע פלאַצן אויף דער זון:

איך פאַל אַוועק אויף מיין געלעגער.
די אויגן מיינע מאַך איך צו
און יעדער קוש דיינער לעבט אויף צוריק.
די װערטער דיינע אָטעמען,
װי װינטלעך װאַרעם איבער מיר
און ווי אַ פאַליע שלענגלט זיך דיין האַנט
און גלעט מיין קאָפּ, מיין האַלז,
מיין האַרץ און מיינע אָרעמס...

## דיינע הענט

די הענט דיינע, די ווייסע שלאַנקע הענט,
ווי שפּיזן שטויסן זיי מיך אָפּ,
ווען דו ביזט בייז,
ווי צוימען זענען דיינע הענט.

די הענט דיינע, די ווייסע שלאַנקע הענט,
ווי קייטן נעמען זיי אַרום
און זיגנדיק ווער איך אַליין באַזיגט
אין דיינע הענט.

די הענט דיינע, די ווייסע שלאַנקע הענט,
ווי אָפּגעזעגטע צווייגן פאלן זיי אַראָפּ,
ווי טויבן ווייסע דורכגעשאָסענע,
ווי זאַנגען אָפּגעשניטענע...
פון מיד ווערן, פון האַלזן זיך...
די הענט דיינע, די ווייסע שלאַנקע הענט...

# עס טויט...

פארנאכט, באַלד נאַכט...
עס טויט.
איך האָב דיין זיפץ דערהערט
פאַרטרויט...

דיין האַנט איז מיד
דיין אויג איז צו
און איך בין שווייגנדיק
ווי דו

דאָס גראָז איז פייכט...
דו אָטעמסט לייכט
און אין דער נאַכט גייט קוים אַוועק
גייט קוים אַוועק דיין זיפץ.
באַפּרישט פון טוי
באַזאַלבט פון הערצער צווי,
פון לוסט, פון פלאַם פון ליידנשאַפט
ביז ווי...

# לילית..

היינט בין איך, לילית, ביי דיר אין די הענט...
פייער דיין זיג. ווי דו ווילסט, ווי דו קענסט,
איך האָב אַליין זיך דיין ווילן פאַרשקלאַפט —
וואָס איז מיין שטאָלץ היינט, וואָס איז מיין קראַפט?

אונטערגעבראָכן, ווי בוימער די קני
און אין די אָרעם, אַ פלאַמיקער גלי...
האַרץ איז פאַרחלשט, אויג איז פאַרבלענדט...
היינט בין איך, לילית, ביי דיר אין די הענט...

## ווען עס קומט די שעה...

וואַרטן יאָרן, בענקען, שווייגן,
ווען דו ביזט נישטאָ!
גאָט און טייוול איבערשטייגן,
ווען עס קומט די שעה...

זינגען, שכורען און טאַנצן
איבערברענען זיך אליין...
ווען דו דעקסט זיך אָפּ אינגאַנצן
מעג די וועלט דאַן אונטערגיין...

# מ י י נ ע...

דו טוליעסט זיך צאַרט ווי א קעצל
און קושסט אַזוי שווייגנדיק היינט —
ביזט היינט אַזאַ גוטע...

די ליפּן זיי טועז שוין וויי,
מיין הארץ, איז פון קלאַפּן שוין מיד —
ביזט היינט אַזאַ דרייסטע...

אין די אָדערן שטיקט זיך דאָס בלוט
און אשכורער געפּל אין קאָפּ —
ביזט היינט פול מיט פייער.

באַפרייסט גישט די אָרעמס פון מיינע
און אָטעמסט מיט לעבן און פלאַם —
ביזט מיינע, היינט, מיינע...

## די ליפן

די ליפן, די חייניקע ליפן!
איך קום פון דער וואָכיקער גאַס.
איך האָב דאָרט פיל פריידן פאַרגעסן —
פאַרשכור! פאַרבלענד און פאַרקנס!

מען האָט מיך דערמאָנט אָן די לוחות:
איך יעטוועדער טריט אַ פאַרבאָט.
מען האָט מיך מיט גיהנם געשראָקן —
דיין האַרץ איז מיין פריינט, און מיין גאָט.

די ליפן, די וויניקע ליפן!
פאַרשליס מיך, מיין מויל און פאַרשמיד —
איך זאָל נישט פאַרשוועכן מיין ליבע
אפילו אַציגד... מיט מיין ליד...

# מיידלשע יאָרן

האָסט נאָך דעמאָלסט דיין רייץ נישט פאַרשטאַנען...
ווי בלומען, ווי בלויקייט אין קאָרן.
ווי ווייסקייט, ווי אומשולד פון שוואַנען
אַנטפּלעקסטו פאַר מיר דיין נשמה —
דערציייל מיר, דערציייל מיר, דיינע מיידלשע יאָרן.

פאַרנאַכט פלעגט זיך נעמען מיר בענקען
און דרייסט איז דאָס בענקען געוואָרן,
ביינאַכט איז דער שלאָף נישט געקומען
און ס׳ראַנגלט דיין האַרץ זיך און נייגערט...
דערציייל מיר, דערציייל דיינע מיידלשע יאָרן.

פלעגסט בענטשן און שעלטן דיין תאווה
מיט תפלות באַרויקט מיט צאָרן...
דיין אייגענעם לייב פלעגסטו קושן
און שפּיגלען זיך נאַקעט באַגינען —
דערציייל מיר, דערציייל דיינע מיידלשע יאָרן.

## מיין סוד

אין אויער וועל איך דיר אריינסודן
מיין פלאמיק ווילן. מיין פארלאנג
און אנצינדן דיין ווילן...

די ליפן דיינע אפבריען
און צושמידן צו מיינע...

אין שטאל וועלן די אָרעמס דיינע
זיך פארשטייפן
די אָרעמס דיינע און די קני
און ווי א פאליע וועט דיין קערפער
זיך א טרייסל געבן
ווילד און צאָרנדיק.

און אונטערטעניק וועסטו זיין...

## מזבח...

דו ביזט אַ מזבח
און איך בין דער קרבן.
איך בין אין די אָרעמס
אין דיינע געשטאָרבן.

און טויטע שוין זינגען
מיר ביידע צוזאַמען
מיר ווערן פאַרשלונגען
אַלץ מער אין די פלאַמען.

קיין אַש זאָל נישט בלייבן,
קיין וואָרט, קיין ציאה.
ווי גוט איז צו ברענען
ווי שטאַרק די הנאה...

## קאַלינע

מיט רויטע קאַלינעס די ווענט פאַרפוצט,
טיר און פענסטער מיט ווייסע פאָרהאַנגען פאַרהאָנגען;
און צום געלעגער פרישן היי געבראַכט
ווי פשוט היימלעך איז דאָס גליק —
מיין קינד!

נאָר ביינאַכט... די קאַלינעס, די רויטע
זיי פאַלן פון די ווענט אַראָפּ.
ווי פלאַמען, ווי פאַקעלן פאַלן זיי אַראָפּ
און צינדן אָן דיין פרישן היי - געלעגער...
מיין ווייב!

[redacted]

## נאַקעט

די האָסט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן
און פאַרדעקט זיך מיט די הענט.
טויזנט יאָר פאַרמאַכטע אויגן —
איך האָב ווידער דיך דערקענט.

אוראַלט דרימלט אונדזער דרייסטקייט
אין די אָדערן, אין בלוט
גיב מיר אָפּ דיין גאַנצע ווייסקייט
פאַר מיין פלאַם און פאַר מיין מוט!

אַז די זינד איז פול מיט שיינקייט
ווייס איך לאַנג שוין, קינד פון לוסט,
אַז די זינד גיט תּפילה-ריינקייט
האָב איך איצטער זיך דערוווסט,

קניען נידעריק און קושן
דיינע שטראַלן אָן פאַרבאַט.
אונדזער חופּה אָן קדושין
בענטשט דער לעבעדיקער גאָט...

## דיינע קליינע אויערן

דיינע קליינע אויערן, דיינע פערל - בעכער
זענען בלויז פאַר מיינע סודות,
פאַר ווערטער, וואָס פליסן, ווי לאַנגזאַמע קוואַלן
פאַר ווערטער, ווי זיפצן פון בלומען
וואָס מאַכן זיך אויף בלויז ביינאַכט.

די אויגן דיינע פאַרמאַכט די הנאה
דער אָנמאַכט פאַרשליסט דיינע ליפּן.

נאָר אין דיינע קליינע אויערן
ווינטלט זיך גנב׳יש מיין אָטעם
מיט האַלבע פאַרחלש׳טע ווערטער
מיט ווילדע בקשות
אַלץ דרייסטער און דרייסטער...

## די ביזט געווען א באגינען

די ביזט געווען א באגינען אין פעלד
איך בין דארט זייען געקומען,
האב איך דיין טוי צוגענומען —
די ביזט געווען א באגינען אין פעלד,

די ביזט געווען א פארשלאפענער ים
איך בין געווען א פארבארגענער ווינט:
זענען מיר ביידע צוזאמענגעקומען
האבן די פאליעס זיך שפילן גענומען
שפילן און טאנצן און שפריצן מיט פלאם —
די ביזט געווען א פארשלאפענער ים...

## דיי ווייסע קני

ווי נאָך אַ שטורם - ווינט דאָס פעלד
זעט אויס דיין ווייסע בעט באַגינען
ווי נאָך אַ שטורם - ווינט דאָס פעלד.

דאָס יונגע היי האָט אָפּגעשווענקט
דער פלינקער שטראָם,
דעם זאַנגען-וואַלד צעקנייטשט
און ערגעץ ווו אים ביז צו דר'ערד געבויגן.
דער דונער האָט אַבוים צעקלאַפּט...
גרין - לעבעדיקע צווייגן
הענגען טויט אַראָפּ ווי דיינע הענט...

און ווייטלעך לויכט אַ העלער הימל - פּאַס,
ווי אויפן ברעג פון בעט
דיין ווייסע קני,
דיין ווייסע קני...

# מיין קליינע

מיין קליינע, זיי פריילעך
און גלויב מיר, געטריי!
איך בין אַ בן־מלך.
און דו ביזט מיין פרוי.

מיר זענען צוויי קלאַנגען
געריימט אין איין ליד,
צוויי דרייסטע פאַרלאַנגען
צוזאַמענגעשמידט.

מיר זענען צוויי שכאָס,
צוויי שטראַלן — איין שיין,
צוויי רינגען, צוויי בעכערס
מיט רוישיקן וויין...

מיר טאַנצן, מיר שפּילן,
מיר וויינען פאַר פרייד,
מיר זענען איין ווילן,
איין לעבן, איין טויט...

# הנאה

װוּ זענען די ספקות? דער צער איז אַריבער.
װוּ נעכטן? װוּ מאָרגן? די צייט איז אונז אויס,
און איינער אַ שטאַרקער, אַ פלאַמיקער גבור
ער האָט אונז געפאַנגען און לאָזט נישט אַרויס.

און איינער אַ גוטער... ער לאָזט אונז נישט בענקען
היינט איז אונזער לעבן, און היינט איז אונזער טויט,
דיין נאָמען? מיין נאָמען? װער קאָן עס געדענקען?
מיר רופן זיך אַנדערש אין רגעס פון פרייד.

מיר האָבן פארגעסן פון װאַנען מיר שטאַמען
און זאָל זיין פאַרשלאָסן אויף אייביק די טיר...
הנאה, הנאה! מיר שטאַרבן צוזאַמען
צוזאַמען, הנאה! צוזאַמען מיט דיר...

## מיר וועלן ברענען

מיר וועלן ברענען ביזן איבערברענען,
ביז אָן כוחות
ווי צוויי פאַרלאָשענע מזבחות.
מיר וועלן ברענען ביזן איבערברענען.

נאָר בלייבן דורשטיק וועט דער ווילן
ביז די לעצטע פונקען.
נאָר נישט איינגאַנצן אָנגעטרונקען,
אָן, בלייבן דורשטיק וועט דער ווילן.

אין דעם רויך, וואָס וועט פאַרשוועבן
איבער בערג און איבער ימען
מיר וועלן פלאַמען
אין דעם רויך, וואָס וועט פאַרשוועבן...

## פרייד

ס'אַראַ פרייד עס איז צו געבן פרייד:
אַרומצונעמען אַ יונגן גוף
און אויפוועקן די צייטיקייט
פון דרעמלדיקן בלוט.

דאָס שעמען זיך,
דאָס ראַנגלען זיך
דאָס צייטיק אומפאַרמיידלעכע
פון זיגערישן פלאַם...

ס'אַראַ פרייד עס איז צו געבן פרייד...

# ווי היעראָגליפי־שריפט

ווי הערראָגליפן־שריפט ליגן דיינע האָר צעוואָרפן
אויף דעם ווייסן קישן...
די אויגן דיינע זענען צו,
די ליפן דיינע זענען צו —
ווער ביזטו פרוי?!

וואָס האָט דיך געבראַכט צו מיר?
און וואָס וועט דיך פון מיר פארטרייבן?
דיין הארץ איז טיפער פונם ים
דאָס הארץ דיינס איז ווי אַ הימל־סוד...
ווער פאַרשטייט דאָס קלאפן פון אַ הארץ?

אַפגעדעקט פאַר מיר אינגאַנצן
און דאָך ביזטו פאַר מיר אַ סוד
וואַך אויף, וואַך אויף!
איך וויל אין דיינע אָרעמס
אַ וועלט פאַרברענען...

## זיי מיר מוחל!

וואָס איך האָב די הייליקע סודות
פון אונזערע נעכט
פאַר אַנדערע פאַרטרויט —
זיי מיר מוחל!

איך האָב נאָכגעטון דעם עפּל - בוים
בעת ער בליט...
פּליטלט ער מיר שנייעלעך פון אומשולד —
זיי מיר מוחל!

איך האָב נאָכגעטון דעם שטערן, קינד!
בעת ער לויכט...
צעשפּריצט ער זיך מיט פונקען גאָלד —
זיי מיר מוחל!

ס'האָט אַזוי פיל בלומען אונזער גאָרטן
און דורכן צוים
וואַרף איך בלומען אָפּט פאַר פרעמדע
זיי מיר מוחל!

## מ י ר

גוטע אויגן. פרום-פאַרליבטע גוטע מענטשן
וועלן בענטשן.
בלינדע זינדער, וועלן זינד ביי פרומע זוכן
וועלן פלוכן
מיר? מיר וועלן אַלעמען איין ענטפער געבן:
— זינגען, לעבן!
1920

## פאַרנאַכט ביים ים

אַ דעלפין שפּילט אין ים פאַרנאַכט,
דער עולם שטייט ביים ברעג און לאַכט,
דער עולם לאַכט, פון טאָג נישט מיד
און טרינקט פאַליעס לאַכן מיט.

דריי פערטל ים איז בלויער גלאָז,
איין פערטל וויגט זיך ווייבליך־ראָז,
און אויף דעם ראָזן־פערטל ים
צעפינקלט זיך אַ שטערן פלאַם...

שוין טונקל... נאַכט.. גאָר אומגעריכט
שווימט אָן אַ שוואַרצע שיף אָן ליכט,
די גנביש שיף שווימט שטיל צום ברעג—
דער עולם לויפט אַהין אַוועק.

איך בלייב אַליין, די פאַליע שטראַלט
און זילבערט זיך און וואַקסט און פאַלט,
נאָר איינגעפּאַסט אין נאַכט און רו
קלאַפּט שטיל מיין האַרץ...דער ים קלאַפּט צו.

1917

# לענאָרא

מ׳האָט אונז געגעבן אַ זעגל אַ ווייסן
דער שיקזאַל איז בייז און דער ווינט איז אַ כעסן —
מיר זענען געשווימען מיט מונטערע אויגן,
געלאַכט פונם שיקזאַל, געלאכט און געפלויגן.

לענאָרא, לענאָרא!
מיר טראָגן זיך ווייט...
מיר זענען אַ פּאַליע
אין שטראָם פון דער צייט.

מיר האָבן געפונען אַנאינזל אַ קליינעם
דער טאָג און די נאַכט זענען אונזערע שכנים.
און אָפּענער הימל באַשטראַלט אונזער שאָטן —
מיר האָבן אי דערנער, אי בלומען צעטראָטן.

לענאָרא, מיר זענען
די לעצטע וואָס ליבן
און ווערן פון שטורם
צו שטורם געטריבן.

צעבראָכן דאָס שיפל, דער זעגל צעריסן —
מיר הויבן די הענט און מיר גיבן צו וויסן;
דעם הימל, דעם דונער, דער נאַכט און דעם מאָרגן
ס׳האָט אונז דער שטורם אין אָפּגרונט פאַרבאָרגן.

לענאָרא, מיר זענען
די לעצטע לעגענדע,
מיר זינגען און שטאַרבן
און בענטשן די ענדע...
1917

## ווייט אינמיטן ים

די אויגן גייען ווייט אוועק —
ווייט אינמיטן ים.

זעגלען, ווייסע פּיראַמידעס —
ווייט אינמיטן ים.

צי זיי גייען צי זיי שטייען —
ווייט אינמיטן ים.

טונקלער אָוונט פאַלט פון הימל —
ווייט אינמיטן ים.

אָפּגעשווימען איז דער טאָג שוין —
ווייט אינמיטן ים.

און ער זינקט אַראָפּ איינגאַנצן —
ווייט אינמיטן ים.

קיינער בלייבט נישט שפּעט אין אָוונט-
ווייט אינמיטן ים.

שווים אַרויס מיין לייכטעס שיפל —
ווייט אינמיטן ים!

1917

# אַ ליידיק שיפל

אַ שיפל איז נאָנט צוגעשווימען
אַ שיפל צום ברעג איז געקומען,
אַ ליידיקעס שיפל אָן רודער,
אַ שיפל אָן מענטש און אָן רודער.

ס'האָט אַ יונגפרוי געריסן די לאָקן,
ס'איז אַ יונגפרוי געלאָפן צעשראָקן...
אַך, וואו איז מיין ברודער?
אַך, וואו איז מיין ברודער?
מיין טייערער ברודער...

דער ים האָט געשפילט מיט די פאַליעס,
דער ים האָט געשטראַלט מיט די פאַליעס,
און דאָס איז זיין ענטפער...
און אַלעס...

1916

## צו דער זון

אַך, פלאַמיקע זון! דו ווייסט דערפון?
איך האָב געהאַט אַ פריינט.
געזינגען האָט זיין יינגעס האַרץ,
ווען דו האָסט העל געשיינט.

ער האָט געזאָגט: „די וועלט איז שיין,"
ס'האָט יעדער מענטש אַ זון...
און שטאַרבט דער מענטש, פאַרגייט זיין זון".
זון, דו ווייסט דערפון?

און איינמאָל, ס'איז ביים ב־עג געשען,
דו האָסט דעם ים געפאַרבט.
מיין פריינט האָט זיך געווענדט צו מיר:
„דו זעסט, ווי שיין זי שטאַרבט?"

און איידער איך באַוואונדער דיך
באַדויער איך דיך שוין:
דו זינקסט אין ים, מיין פריינט—נאָך דיר,
איך בלייב ביים ברעג אַליין.

אַך, פלאַמיקע זון! ווי קאָן עס זיין —
איך זע אויפסניי דיין פלאַם...
מיין פריינט אָבער, וואו איז מיין פריינט?
מיין פריינט פון טיפן ים...

1917

# מיר גייען אין ווייסי

מיר גייען אין ווייסן, מיר גייען אין ווייסן,
ווי קינדער באַשטראַלטע, באַגאָסן מיט שיין.
און אַלץ, וואָס מיר טוען, איז היינט אויף צופלייסן,
נישט ערנסט... מיר קאָנען היינט ערנסט נישט גיין.

מיר גייען אין ווייסן, מיר שוועבן, מיר שווימען,
אַזוי ווי די זעגלען אין ווייטעניש — ווייט.
דער ווינט ווידערהאַלט אונז מיט זילבערנע שטימען:
און פירט מיט די קליידלעך א שטיף און א שטרייט.

היינט בליען אין גאָרטן נאָכמער ווייסע רויזן
און ווייסער דער וואָלקן היינט איבערן באַרג,
דער שוים אין נאָך ווייסער ביים ים היינט ביים בייזן,
ס׳קלאַפּן די פּאַליעס און שרעקן נישט שטאַרק.

ס׳פּלאַצן מאַנגאָליעס שניי - ווייסע... מיר רייסן,
מיר גייען פון גאָרטן צו גאָרטן מיט פרייד.
מיר גייען אין ווייסן, מיר גייען אין ווייסן,
די זון גייט אונז נאָך און באַגלייט און באַגלייט...

1918

# י ם

זון און ים, זון און ים.
קאַלטער, בליצעדיקער פלאַם.
יעדע פאַליע, יעדער שטראַל
צינדט פון זיך אַ נייעם שטראַל.
ווי אַ גרויסע שלייף - מאַשין,
וואַרפט עס פונקען הער - און - הין
שלייפט און בליצט, בליצט און פיילט
לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, נישט געאיילט.
בלעכן טאַנצן,
טאַצן גלאַנצן...
טויזנט זונען —
גלייך צערונען...
אויפגעשטאַנען
פיל פאַנטאַנען —
אויגנבליק:
און פלאַך צוריק.
עדעס ווינטל, יעדער בלאָז
שאַפט און מייסטערט פאַרמענלאַז,
יעדער קלענער ווינטל - גלעט
קנעט און וועלגערט, קנעט און קנעט
פלאַם מיט וואַסער, פלאַם מיט וואַסער
פלאַם מיט וואַסער אָן אַ סוף...

1947

# אין ליוואַדיע

דאָ האָט געלעבט אַ קעניג,
דאָ האָט אַ פּרינץ געלאַכט.
היינט בליען שטום די רויזן —
דער שלאָס איז צוגעמאַכט.

און אויפן שוועל פון פּאַלאַץ —
דאָרט זיצן זעלנער דריי.
דער ערשטער ציט מאַכאָרקע,
א גענעץ און אַ שפּיי.

דער צווייטער איז פארשלעפערט
און שווער איז אים דער קאָפּ.
דער דריטער ציט די שטיוול
פון זיינע פיס אַראָפּ.

פון איין זייט שפּילט דער ים זיך,
פון צווייטער קוקט דער באַרג.
נאָר ליידיק איז און לאַנגווייליק
אין קעניגלעכן פּאַרק...

1916

# נאַכט ביים ים

אַ פישער האָט געזאָגט; „ס'וועט מאָרגן זיין אַ שטורם".
נאָך אַזעלכע נעכט קומט שטענדיק אָן אַ שטורם.

דער ים איז איינגעשלאָפן שטום - ריזיק, ווי אַ לייב,
דער ווינט האָט נישט באַרירט דעם דורכגעברענטן שטויב...

מען האָט ביים ברעג פאַרגעסן, ווער יונג איז היינט, ווער אַלט,
מען האָט ביים ברעג געזינגען, געאָרעמט זיך, געשטראַלט.

אין נעצן פון לבנה - שיין... מען האָט פון טאָג געלאַכט,
דאָס איז געווען אַ נאַכט... די ערשטע ליבע - נאַכט.

אַ טאָטער איז געגאַנגען און ווייטרויבן געטיילט
און צווישער האָט אונז מעשיות גאָר וווּנדערלעך דערציילט.

פאַר דעם, וואָס קאָן פאַרגעסן זיך, איז הימל גאָרנישט הויך,
פאַר דעם, וואָס זוכט אַ ליבע - בעט, איז פעלזן שטייגער ווייך.

דער הימל האָט געקוקט, ווי נייגעריק פאַרוווּנדערט,
דער אַלטער טשאַטערדאַג, דער באַרג, האָט זיך געוווּנדערט.

יאָ, באַרג איז שטום און ים איז שטום און הימל קוקט און קוועלט,
די מענטשעלעך, די פּינטעלעך, זיי נעמען איין די וועלט.

1917

# באגינען

ס׳הויבן זיך שפּעטלעך, ווייסינקע שפּעטלעך העכער און העכער
און פליען, נישט פליענדיק, און שוועבן נישט שוועבנדיק.
דער ווייסער פרימאָרגן אין מילך־טוי איז לאנגזאַם געקומען
און ציט אויס אַ חתונה־שלייף פאַרן טאָג, פאַרן ליכטיקן

אַ נאַקעטער ליגט ער אַנטקעגן דעם הימל, דער ים דער צופרידענער,
מיט טויזנטער קניען, מיט טויזנטער זילבערנע אָרעמס,
און ציט זיך און הויבט זיך און קאָן זיך פון גרויסקייט נישט שטעלן—
ער קאָן מיט די פיס נישט דערלאַנגען אַוודאי, דעם אָפּגרונט דעם טיפן

און עמיצער קריכט שוין ביים ברעג, ווי אַ מילב אויף אַ שיפּל,
און נאָך איינער שלענגלט אין וואַסער אַ לאַנג—לאַנגע נעץ מיט בטחון,
גאָר קליין זעען בערג אויס אין שטעטל אין גאָרטן און וויללע,
ווען ים עפנט אויגן און שפּיגלט זיך פריילעך אין הימל.

1917

# פרימאָרגן=צייט

איבער ווייסע שוואַנען - ווילעס
מיט די רונד - באַשטראַלטע זיילן —
איבער ווייַנגערטנער און סעדער
גייט מיין בליק אַוועק איף מיילן,
גייט מיין בליק אַוועק צום ים...

צו דעם זעגל, צו דער פּאַליע,
וועלכע שטראַלט מיט טויזנט פונקען.
צו דעם וואָלקן וועלכער האָט זיך
היינט מיט זילבער אָנגעטרונקען —
גייט מיין בליק אוועק צום ים.

גאָט אין הימל, טויזנט דאַנקען.
פאַר דעם ליכטיקן פרימאָרגן,
פאַר די רויזן אין מיין גאָרטן,
פאַר דעם היינט און פאַר דעם מאָרגן
פאַר דער אייביקייט פון ים.

פאַר דער רגע, וואָס מיר דוכט זיך,
אַז איך פלי י ר ד ווילעס,
איבער גערטנער, איבער סעדער...
טויזנט דאַנקען, טויזנט תפלות
צו דער זון, וואָס קושט דעם ים.

1916

# ביים כאָאָס

גאָט פון זיבן טעג אין וואָך,
גאָט פון טאָג און נאַכט,
גאָט פון ווינטער און פון זומער,
גאָט פון גנאָד און מאַכט.
גאָט פון רעגלמעסיקייט,
פרומקייט און פאַרבאָט,
גאָט דו פון געזעצלעכקייט,
גוטע־ שטרענגער גאָט!
כ'זע דאָ פיל צעשמעטערטע
בערג און פעלז ביים ברעג,
שטיינער - כאָאָס קייקלט זיך
ביזן ים אין שרעק.
ווילדע קראַפט און וויסטעניש
יאָגט פון יעדן שפּאַן,
גאָט פון מאָס און זיכערקייט,
גאָט וואו איז דיין פּלאַן?
גאָט פון ציל און אָרדענונג,
פון זוניקייט און טוי —
האָסטו נישט פאַרענדיקט נאָך
אונזער וועלט - געבוי?

1916

## צי ווייל מיין שטיין

צי ווייל מיין שטיין האָט אַזאַ ברייטן רוקן —
איך קאָן מיר זיכער אין דער ווייטקייט קוקן:
דאָרט שטאַרבן פלאַמען איינס אין צווייטן
און וואַסער קויקלט זיך אין רויטן.

און נאָנט — ס'שווימט צום ברעג אַ שטערן,
צום סאַמע ברעג... אַ גאָלדנער קלערן.
נעם שטרעק די האַנט צום וואַסער אויס
און לאָז דעם חלום נישט אַרויס.

איך האָב דאָ מיינע פעלזן, מיינע שטיינער:
אין שטורם-נאַכט, אין שטילער נאַכט — כ'בין דאָ איינער.
איז שטיל דער ים, דאַן שפּיל איך מיט די וועלן,
איז ווילד דער ים, איז מיר זיין ווילדעוון געפעלן.

1917

# קום, צום ים!

אָ קום צום ים! צום כשוף־מאַכער,
ער וועט דיך איינוויגן געשווינד,
די פאַליעס וועלן זיך צעלאַכן
פון דיינע זאָרג און דיינע זינד.

דאָ רוען גרוי־אורעלטע שטיינער
און פאַליעס טאַנצן איבער זיי.
ווי נישטיק אָרים און ווי קליינלעך
וועט איצטער אויסקוקן דיין וויי

דאָ וואַרט פאַר יעדערן אַ שיפל,
די פאַליעס וואַרטן מיטן ווינט —
אָך, אויב דו ווילסט דיין צער פאַרשטיפי
און גיך פאַרגעסן זאָרג און זינד...

1918

## איך וועג

איך שפּרייז דורך קייזערלעכע גיטער
און אויף אַ ווײַלע דוכט מיר אויס:
איך בין אַליין אַ פּרינץ, אַ ריטער —
מיין וועלט, מיין ים... איך גיי פּאַרויס.

דאָ הענגט אַ פּעלז אָט באַלד צום פֿאַלן,
דאָרט שפּריצט אַ קוואַל אונטער די פֿיס
איך גיי באַגלייט פֿון מחנות שטראַלן —
איך האָב אַ פֿריינט אין סימעאיז...

איך האָב אַ פֿריינט, איך בין פֿאַרבעטן
אויף ווייַנטרויבן, אויף ייִנגן וויין.
דער טאָל דעקט אָפּ די מינאַרעטן,
די בערג די גרויסע הילן איין.

נאָר איך וועל קומען מיינס באַקומען
פֿיל בערג אַרויף, פֿיל בערג אַראָפּ...
מען וועט מיר הייַנט מיט בונטע בלומען,
מיט רויזן איינדעקן מיין קאָפּ.

ווייל אַנדערש וואָלט איך נישט געגאַנגען,
ווייל אַנדערש טאָר עס הייַנט נישט זיין:
מיט שמאָלץ און דרייסט וועל איך פֿאַרלאַנגען
מיין צוגעזאָגטן ייִנגן וויין.

1917

## ס׳לאָזט דער ווינט נישט שלאָפן

ס׳לאָזט דער ווינט בייגאַכט דעם ים, דעם אוראַלטן נישט שלאָפן
עס ווינט אים גלעטנדיק און גלעט די אויפגעוואַכטע פּלייצע,
און מיד אַזוי און זיס פון דרימל און פון ליבע —
הויבט אויף דער ים דעם קאָפּ און טוליעט אים באַלד ווידער
טיף, טיף, אין ווייכער טיפעניש מיט אַלע גייבאַגלאַנצטע שטראַלן,
מיט אַלע נאָנט — פאַרנייגטע שאָטנס און מיט אַ רגע פון דער נאַכט.

און באַלד קומט אָן צום ברעג אַנאויסשפּירער אַ שטראָם
און זוכט ביים זאַמד, ביי קליינע שטיינדלעך און זוכט און זוכט
די רגע, די פאַרשוואונדענע פון אונזער וועלט

שטילער, שטיל
דער ים אליין, דער רוישנדער איז אייביק.
נאָר פּאַליעס — רגעס שטאַרבן אויגנבליק.
אַ בליק, אַ שפּרינג און אַ געראַנגל,
דערזען די וועלט און שוין נישטאָ...

1917

# די ווינטלעך וועלגערן

די ווינטלעך וועלגערן די פּאַליעס
די זעגלען פלאַטערן צעשפּרייט.
איך לאַך מיר היינט, איך לאַך פון אַלעס
פון שטרייט און פליכט, פון שרעק און טויט.

אָסמאַן מיין פריינט, דער בעסטער טאָטער
האָט טרויבן מיר געבראַכט צום ברעג
איך בין שוין זאַט, גענוג... און פּטור!
מיר לאָזן זיך אין ים אַוועק.

ער לאַכט, דער ים, ער לאַכט, דער אלטער
און קנייטשט זיין שטערן, זיין געזיכט.
נאָר יעדער קנייטש איז אַ באַשטראַלטער,
באַזאַלבט פון אייביקייט און ליכט.

איך וועל אין לעבן נישט דערגרייכן
קיין רום, קיין גאָלד, קיין הויזגעזונג,
און לאָזן וועל איך אַזאַ צייכן,
ווי יעדע פּאַליע נאָכן ווינט...

1917

## מיט אַ פֿישער

די נעצן אין שיפֿל, דעם רודער אין האַנט,
קאַאיר איז אַ פֿישער, מיר פֿאָרן באַנאַנד.

די לופֿט איז פֿאַרנעבלט, דאָך אָטעמט זיך פֿריש,
אַט האָסטו אַ ים זיך און כאַפּ אין אים פֿיש.

ער וואַרפֿט אויף מיין מזל די נעצן אַריין,
איך שטיי, און דעם אָטעם מיט שרעק האַלט איך איין.

אָ, גאָט! אויב דו דאַרפֿסט מיך באַשטראָפֿן פֿאַר זינד
באַשטראָף ווען דו ווילסט, נאָר נישט שטראָף מיך אַצינד.

פֿאַרשעם מיך פֿאַר ווּעמען ס'הייסט דיין געזעץ,
נאָר נישט פֿאַרן ים, פֿאַר אַ ליידיקן נעץ.

ער ציט שוין די נעצן, איך העלף אים דערביי,
ער זידלט זיך בייז: „יאַראַמאַי, יאַראַמאַי!"

נאָר פּלוצלינג, אַלאַ! זיי געבענטשט איבעראַל,
ס'זילבערט אין נעץ זיך אַ גרויסער קעפּאַל...

קאַאיר איז אַ פֿישער מיט האַרץ און פֿאַרשטאַנד,
ס'פֿרייט אים מיין מזל, ער דריקט מיר די האַנט...

1918

## אין קרים

כ׳טראָג אַ טערקישע היטל, אַן ענגלישן סטעק,
איך רעד דאָ אויף רוסיש און עס ביי אַ גרעק.

ביים ים אין קאַבינקע, איך פיל זיך דאָ רייך,
פאַרמאַך איך די אויגן, דערמאָנט זיך מיר גלייך,

דערמאָנט זיך נישט אַלעס, נאָר עפּעס אַ שטריך,
אַ רמז, אַ נאָכוויי, אַ רוף פון מיין „איך".

נעמט שוועבן אַנעולם, באַקאַנט — אומבאַקאַנט,
און יעדער בעזונדער קומט דריקן די האַנט.

נעמט שוועבן אַ שטעטל, אַ געסל, אַ שול,
עס שאַרכן סליחות דאָ איבער מיין שטול.

אַך, טייער ביז חיּיטיק איז דעמאָלט דער טרוים...
און וואָס איז דער ים מיר, זיין פּאַליע, זיין שוים!

1917

# נישטאָ קיין ווינט

אויף יעדער שיף אַנאַנדער פאָן,
אויף יעדער פאָן א ניי קאָליר.
פיל מענטשן זאמלען זיך ביים ברעג
און קינדער - קעפּלעך אָן א שיעור —
מען וועט זיך יאָגן מיטן ווינט,
מען וועט זיך יאָגן מיטן ווינט.

נאָר איינגעהאלטן ליגט דער ים.
און וואו איז ער, דער שטארקער גאַסט?
קיין שוים נישטאָ, קיין פאַליע נישט.
דער ווינט... ער דרעמלט צי ער שפּאַסט?
נישטאָ קיין ווינט,
נישטאָ קיין ווינט.

האַלבער טאָג איז שוין אוועק,
די שיפלייט וואַרטן אַלץ ביים ברעג —
נישטאָ קיין ווינט,
נישטאָ קיין ווינט...

די פאָנען בויגן זיך אראָפּ,
די זעגלען פלאַטערן אָן מאַכט.
ער האָט אונז ביטער אָפּגענאַרט
ער האָט פון אונז געלאַכט...
דער ווינט,
דער ווינט...

1918

# אין ווייסן שיין באַגאָסן

אין ווייסן שיין באַגאָסן הענגען אויף די בערג די ווילדעס,
אין שטילן קניען ליגן אויף דער ערד די שאָטנס
פון שפּיציק הויכע מינאַרעטן און שמאָלע - שמאָלינקע ציפּריסן
און ביזן ים מיט מיר גייט מיט אַ סטרונעדיקע שטילקייט,
און שטייט און קוקט און פאָרשט מיט מײַנע מידע אויגן
דעם סוד פון נאַכט ביים ברעג פון ים.

און ווייסן ווייס איך נישט, צו וואָס איך בין צום ברעג געקומען,
ווען אַלע שלאָפן שוין אויף באַרג און טאָל און אפשר אויך אין הימל.
כ'וועל דאָך גיך אַליין אַרײַן אין גרויסן תהום פון שווייגן,
און ווער דערקאָנט אַ זעמדעלע, וואָס שטויבט אין נעץ פון שטראָמען,
און ווער דערהערט אין ווינט דעם אָטעם פון די עלטער - עלטער דורות
אין ווינט, וואָס וויגט דעם גרויסן ים.

ס'איז דאָס שווייגעניש אַליין פון זיך באַגייסטערט און פאַרוווּנדערט
אַזוי איז שטיל... פון באַרג ביז ים, פון ווייטן פעלז ביז צו מײַן שווייגן.
און וווּנדערלעך זעט אויס, וואָס אין אַזאַ פון דרערד ביז הימל שווייגן,
קלאַפּט אויס אַ קליינעס האַרץ גאַנץ לאַנגזאַמע סעקונדעס
און זאַמלט זיי, און זאַמלט פאַר טויט, פאַר שטויב און פאַר דער מדבר
פאַר ווינט און פאַר דעם שוים פון ים.

1917

# מיין ביאַליסטאָק

דיינע חורבות — מיינע ייִנגלישע פּאַלאַצן,
דיינע גאַסן מיטן שוואַרצן וואַסער־שלאַנג,
דיינע שולן, וואו מיין ייִדע האָט געדאַוונט
אַזוי לאַנג שוין, אַזוי לאַנג...

דיינע וועלדער, — וועלכע לויפן ביזן טיפן ביעלאָוויעזש,
דיינע מיידלעך מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק,
מיינע טרוימען, מיינע צילן —
איינגעפאַלן ווי דיין בריק.

דאָך עפּעס צווינגט מיך דיך צו ליבן
מער, ווי אַלע מיינע וואַנדער־שטעט
און איך בלייב דיר אַ געטרייער
דיין יאָט... און דיין פּאָעט.

1922

## דער גרינער פּאַפּוגיי

אונטן לעבט א קאַטערינטשיק,
האָט ער יאַטישע צוויי מיידלעך,
האָט ער יאַטישע צוויי מיידלעך
מיט א גרינעם פּאַפּוגיי.

ייגג נאָך זענען ביידע מיידלעך
נאָר די בלוזקעס ווערן שמעלער
און עס זיצט זיך נישט אין קעלער
אין די העלע טעג פון חאַן...

ביידע מיידלעך גייען באָרוויס,
ביידע טאַנצן אין א רעגן,
קומט דער טאַטע זיי אַנטקעגן
מיט דעם גרינעם פּאַפּוגיי

שטייען שטיפערקעס ביים טויער:
איינע פלעכט צונויף איר צעפּל
און די צווייטע גלעט דאָס קעפּל
ביי דעם גרינעם פּאַפּוגיי...

1920

## פּאַפּקע...

ברענגען אָפּ אַרויס די טעכטער
אויפֿן הויף דעם פּאַפּוגײַ;
פּאַפּקע, רעד! נישט זײַ קיין שלעכטער
„אײנס, צוויי, דרײַ“.

ווען וועט קומען מײַן באַשערטער?
וויפֿיל יאָר וועט נאָך פֿאַרבײַ?
פּאַפּקע ענטפֿערט אַ פֿאַרקלערטער:
אײנס, צוויי, דרײַ...

פֿרעגט די אַנדערע מיט זאָרגן,
גלעטנדיק אים טרײַ
וויפֿיל גראָשנס ברענגסטו מאָרגן?
„אײנס, צוויי, דרײַ“.

אויפֿן הויף ווערט היימיש, ליכטיק
און מען לאַכט דערבײַ.
ווען דער גרינער פּלאַפּלט ריכטיק:
„אײנס צוויי, דרײַ“.

1920

# אין דעם אָרעמען קוואַרטאַל

איך האָב נאָך דאָן אַ סך געלעזן
און געזוכט מיין גאָלדן לאַנד,
איך בין נאָך דאָן פאַרליבט געװעזן
אין גאָט... אין הימלס בלויען ראַנד.

און עס האָט מיר דאָן געצויגן
יעדער סוד פון אונזער װעלט,
יעדע פּאָר פאַרליבטע אויגן,
יעדעס קינד און יעדער העלד.

רויטער קעפּל, גרינער פליגל,
װייטער לאַנד פון פּאַפּוגיי.
צװישן גרויען שטיין און ציגל
בלייבט מיין חלום יונג און ניי.

און מיין פענסטער האַלט איך אָפן
ביז פרימאָרגנס ערשטן שטראַל.
כ׳בין פון רייכקייט נישט געשלאָפן
אין דער אָרימען קוואַרטאַל...

1920

## ביינאַכט

פריילעך מאַכט דער גרינער פויגל
ווען איך קוק אויף זיינע פאַרבן,
און איך גלויב אין אַלע וווּנדער,
ווען ער פּלאַפּלט אויס מיין נאָמען

און אַרום דאָס גאַנצע וועלטל
איז אין סודות איינגעשלייערט:
די גנבים מיט די פּאַסערס
די קאַטערינקעס מיט די מיידלעך.

דאָרט אין יענע רייכע גאַסן
איז אַ טיפער וואַלד פון לעבן.
דאָ אין הייזלעך אונטער שינדלען
וויינען בייזע, פלינקע יעגערס...

אין דער פינסטער פאַלן שטראַלן
פון אַ קליינעם טאַשנלעמפּל:
איינער פייפט, דער צווייטער ענטפערט.
אין דער פינסטער, אין דער פינסטער...

1920

# גאַמען

אָנהויב אָוונט... אויפֿן הימל
לעשן זיך די לעצטע פֿלאַמען,
און מיין שכן נעמט שוין קלאַפּן,
ווי געוויינלעך, זיינע גאַמען.

צי דאָס שפּילט אַ מאַן אין יאָרן,
וועלכער האָט שוין אַ״ך פֿאַרלאָרן?
צי דאָס קלאַפּן יונגע פֿינגער
פֿון אַ יינגעלע אַ שפּרינגער?

שפּעט אין אָוונט... אויף די גאַסן
וואַנדלען מענטשן, ווי געשפּענסטער,
און זיי הויבן אויף די אויגן
צו מיין שכנס טונקלען פֿענסטער.

צי דאָס שפּילט אַ יונגע מיידל,
פֿינגער ווייס, ווי נאַרציס איידל?
צי דאָס זוכט אַנ'אַלטע מאַמע
אירע טרייסטן אין די גאַמען?

גאַמען שוועבן מעלאַנכאָליש,
מאָנאָטאָנע, צאַרטע, שטילע...
האַלבע ווערטער, האַלבע זיפֿצן,
האַלב פֿאַרלאַנג און האַלבע תּפֿילה...

1913

## אין שאָטן

אין אַ שאָטן - ווינקל ביי דער גראַטע
פון אַ גרויסן פענסטער
שטיי איך איינער, איינזאַם אויף דער וועלט...
אַ מאָדנע וועלט:
צי איך אַליין, צי אַלע זענען דאָ געשפּענסטער?
ס'שפּרייזן מענטשן:
פיל געאָרעמט, פיל באַזונדער
און זיי בענקן, און זיי בעטן
ליבע, גליק און וואונדער,
איינער ביים צווייטן, איינער ביים צווייטן...
און וויפיל אויגן רופן
און וויפיל ליפּן שליסן זיך פון טרויער
און וויפיל הערצער ראַנגלען זיך אין קייטן?
אין אַ ווינקל ביי אַ פענסטער,
טיף אין שאָטן,
שטיי איך איינער, איינזאם און באַדויער?
ז'ך, צי יענעם, זיך, צי יענעם?

1913

# אַ שנירעלע פּערל

אַ שנירל פּערל האָט מירקע צעשאָטן,
נו, האָט מען איין פּערל צום אומגליק צעטראָטן.

האָט מירקע פאַרווײנט אירע טונקעלע אויגן
און לאַנגזאַם די פּערל אויף שנירל געצויגן.

געצויגן, געצויגן... געוויינט און געטרויערט,
דער באָבעס ירושה האָט מירקע באַדויערט.

די מאַמע, די שוועסטער און אַלע אייניגעם,
געטרייסט האָבן מירקען אַפילו די שכנים.

טראָגט מירקע שוין ווידער די פּערל מיט שמייכל:
די באָבע אין הימל וועט מוחל־זיין, מוחל...

1912

# גאַסן

לאַנגע, באַלויכטענע שטאָט - קאָרידאָרן,
ליידיקע גאַסן... איך האָב זיך פאַרלאָרן,
כ׳קאָן אין דעם איינזאַם מיין היים נישט געפינען —
היים פאַר אַ ביסעלע רויקן זינען...

אומרו פון טאָג איז מיר צופיל געבליבן;
און אין געדאַנק איז דער מאָרגן פאַרשריבן:
קלייניטשקע דאגות, ווי ווערם, וואָס סמ׳ען,
מוט און חלומות און אַלעס צוזאַמען.

ליידיקע, ליכטיקע, רויקע גאַסן,
הייזער - קוואַדראַטן באַלויכטן אין בלאַסן...
קברים אַליין פון די מתים פאַרשלאָסן,
קברים אַליין פון די מתים פאַרשלאָסן.

1916

## שרײַענדיק בײַנאַכט

אַ טויער — אַ נומער.
אַ נומער — אַ שלאָס.
אַ פֿענסטער אַ שטומער
אַ ווינטל, אַ בלאָז.

אַ פֿאַל פֿון אַ שטערן,
אַ קרעכץ פֿון אַ שלאָס...
געוואָלט עפּעס קלערן —
פֿאַרגעסן זיך, וואָס...

1916

# אויף די זייטיקע אַלייען

אומבאַקאַנטע סילועטן — יענע מענטשן,
וועלכע שפּרייזן אויף די זייטיקע אַלייען;
פֿון די טומלדיקע גערטקער —
אויף די זייטיקע אַלייען.

וואו אַ באַנק איז זעלטן · ווען פֿאַרנומען,
וואו די קלומבעס פֿון די איינפֿאַכערע בלומען
פֿאַנגען זעלטן ווע מענס בליקן —
כ׳וויל אַ גרוס צו יענע שיקן.

די, פֿאַרגעסונג, געטער, וואַנדער;
ווייס דען עמעץ וואָס זיי זוכן
אין דעם שאָטן פֿון די צווייגן;
ליפּן מורמלען, ליפּן שווייגן.

די, וואָס וואַנדערן באַזונדער
איף די זייטיקע אַלייען —
זאָל מיין גרוס פֿון טיפֿן האַרצן
זיי באַפרייען און דערפרייען...

1913

# ס'איז גוט מיט אײַך

ס'איז גוט מיט אײַך אַזוי צו זיצן
צווישן גרינע אָלעאַנדרעס,
אײַך ענטפֿערן אויף אַלע פֿראַגן
און טראַכטן עפּעס אַנדערש.

באַגריסן העפֿלעך אײַער מאַן
און עסן קרעם אויף דער וועראַנדע
הויך רעדן פֿון פּאָליטיק
און קוקן ערגעץ אַנדערש.

גאַלאַנט זיך זעגענען מיט ביידן:
מיט אײַך און אײַער אַלעקסאַנדער,
גאַנץ רויִק דריקן אײַך די האַנט
און פֿילן עפּעס אַנדערש...

1915

## א גאָבעלען

א פּאַרק מיט פאָנטאַנען,
א טייכל מיט שוואַנען,
און אוראַלטע מעשה
מיט שוואַנען, מיט ווייסע.
א יונגפרוי, א ריטער
און איינער א דריטער...
ער קוקט דורך די ביימער
אַזוי ווי דער שומר.
דער ריטער אין לאָקן
מיט לאַנג - לאַנגע זאָקן..
ער שטייט איינגעבויגן
מיט בעטנדע אויגן.
ווילאַנג וועט ער בעטן ׃
זי זאָל אים שוין רעטן
ווילאַנג וועט ער קניע
אי'ר האַרץ צו באַמיען.
ס'שפּריצן פאָנטאַנען
ס'דרימלען די שוואַנען...
איך קוק אויף דעם פּאַרק
פיל יאָרן, פיל יאָרן.

1914

## די שוואַנען

די שוואַנען די שלאַנקע, די ווייסע,
זיי שווימען אַלץ נענטער צום ברעג:
דאָ פעדערן זיי זיך געלאַסן —
די פעדערלעך פליען אוועק.

פאַרנאַכט, ווען דאָס וואַסער ווערט וואַרים
און רויט פון דעם בלוטיקן שיין,
דאַן ווערן די שוואַנען שוין מידער,
זיי דרעמלען... זיי שלאָפן שוין איין

די שנאָבלען פאַררוקט אין די פליגלען...
ווער ווייס זייער טרוים, ווער פאַרשטייט?
זיי כאַפן זיך אויף אויף אַ רגע
און שווימען פאַרשלאָפענערהייט.

און שפּעט ווען אַ פויגל אַ ווילדער
דערלאַנגט ערגעץ נאָנט אַ געשריי —
דאַן שלאָפן שוין מער נישט די שוואַנען,
עס פאַלט אַן אַ פּחד אויף זיי.

זיי שווימען אַרום אין דער פינסטער
און קוקן אַרויף און אַראָפּ...
און שלינגען די גאָלדענע שטערן
וואָס שפּיגלען אין טייכל זיך אָפּ.

1912

# אין קאַזשימיעזש

אויפֿן באַרג, אויפֿן באַרג צו דעם אוראַלטן שלאָס,
וועלכער שטייט אָן אַ דאַך מיט צעלעכערטע ווענט,
דאָרטן לייגט מען צונויף אַ קליין שייטערל האָלץ,
אַך, ווי פֿריילעך עס ווערט, ווען דאָס שייטערל ברענט.

אונדז איז ווייניק דער טאָג, אונדז איז ווייניק די נאַכט...
וואו עס שוועבט נאָר אַ טרוים, מוז ער אונזערער זיין!
אויפֿן באַרג, אויפֿן באַרג צו דעם אוראַלטן שלאָס —
דאָרטן פֿאַלן בייַנאַכט אַ סך שטערן אַריין.

1913

## די בעריאָזקע

דער טאָפּאָל איז דער שענסטער בוים,<br>
דאָס ווייסן לאַנג שוין אַלע;<br>
נאָר ווען איז דער סוד באַוואוסט<br>
דער טאָפּאָל האָט אַ כּלה...

די שניי איז ווייס איר חופּה־קלייד<br>
און גרין איז איר גירלאַנדע...<br>
זי רעקט פאַרשעמט איר פּנים צו —<br>
אָ, וואָס איז פאַר אַ שאַנדע?

1917

## די קאַשטאַנעס בליען

ווי די גרויסע הענגלייכטער
פון דער אַלטער שול
וואַרפן ליכט די ווייסע צווייגן
ווייס... מיט בלומען פול —
די קאַשטאַנעס בליען!

ווי די שענסטע חופּה · שטאַנגען
שטייען זיי שוין גרייט...
וועמענס חתונה מיט מזל?
ועמענס איז די פרייד?
די קאַשטאַנעס בליען!

1912

# שחרית

ס'ליגט נאָך דער אָטעם פון נאַכט אויף די פעלדער
באַטויטע סימנים פון עמיצנ'ס טריט
אַרויסגיין באַגינען אַליין אויף די אַלע פעלדער
און דאַווגען אַ שחרית מיט ריינעם געמיט...

אַ ברכה אויף לינקס, צו דעם וואָקסיקן קאָרן
אַ ברכה אויף רעכטס, צו די לאָנקעס גרין - געל...
נאָך גאָרנישט פאַרשפילט און נאָך גאָרנישט פאַרלוירן
ווען זון שפרייזט פון מזרח אויף פלאַמיקן שוועל.

האַלב - רונדיק סטאָגיס פון היי פונם ערשטן
געווייקט און געצוואָגן פון גראָזיקן זאַפט
אַ שמעטערלינג שפילט אויף די סטרונעס פון גערשטן
און פלאָנטערט זיך ווייטער אין בלומיקן האַפט.

ס'וויקלען זיך זוניקע, זילבערנע פלעקן,
אויף גרינע שאַכמאַטן פון באַרגיקן פעלד...
אַוועקגיין באַגינען אויף אַלע פיר עקן
און דאַווגען אַ שחרית... — און בענטשן די וועלט.

1914

# קוימענקערערס

דריי מנינים קוימענקערערס
אויסגעשטעלט אין זעלנער רייען:
מיט די שטריק און מיט די בעזעמס...
פורים - העלדן מיט כלי - זין.

איינער דארער פאַר זיין בעזעם,
ווי דער קוימען ברייט דער צווייטער.
קינדער גלאָצן מיט די אויגן,
אומגעבעטענע באגלייטער.

חוזק מאַכט אַזוי דאָס לעבן,
שמירט די מענטשן אויס מיט סאַזשע...
אומבאַהאָלפן און נישט זיכער
שפרייזט די שוואַרצע עולם - הזה.

1919

# די בערן טאַנצן

פראַגמענט

די לעצטע טעג אין רוסלאַנד,
דער שניי ליגט שטאַרק געפּרעסט...
ווער האָט זיך עס צעזונגען
אין רוסלאַנדס לעצטע פּרעסט?

ווער האָט עס ברייט צעוויקלט
די ערשטע רויטע פאָן?
געפאַלן איז, צעפאַלן
ראָמאַנאָווס אַלטער טראָן.

מען רעדט ביי יעדן טויער,
און שענק, אין גאַנצער שטאָט...
איוואַן איז מיט איוואַנען
אַוועק איצט דאַנקען גאָט.

ביי רונדיקן גרוי-בלויען
איסאַקישן סאָבאָר —
אַ צוואַנציק פינף גלחים,
צלמים מיט אַ כאָר.

מען צלמט זיך כסדר,
מען קניט ביז דרערד דערביי...
אנטקייגן רעדט א רעדנער,
אז רוסלאַנד איז שוין פריי.

די תפיסות שוין געעפנט,
דערשטיקט א גענעראַל
א נפש פון אָכראַנקע
דערטרונקען אין קאַנאַל.

גאַנץ נעווסקי איז באַשאָטן
מיט מענטשן... ביז די ווענט,
ביים דריטן אַלעקסאַנדער,
ביי פיאָטערס מאָנומענט.

וואו נאָר מען קאָן זיך זאמלען
דאָרט קומען מענטשן אָן,
וואו נאָר אַ שפּיץ, אַ טורעם
דאָרט שוועבט אַ רויטע פאָן.

אורא!.. מיט מאַרסעליזע
ווערט יעדער טריט באַגלייט,
די וועלט מיט אַלע פאַרבן
איז היינט געוואָרן רויט

כינעזער און יאַפּאַנער,
קאַלמיקן פון דער סטעפּ,
קאַצאַפּעס און טאַטאַרן —
מיליאָנען מענטשן - קעפּ.

קאווקאזער העלדן, סאַרטן
אַ פערס און אַ פראַנצויז...
מען שווייגט, מען האָרכט דעם רעדנער —
די נייגעריקייט איז גרויס.

נאָר פּלוצלינג... אין דעם שווייגן
פון אויפגעוואַכטער פרייד.
נעמט לאַנגזאַם, לאַנגזאַם פאַלן
אַ שניי... אַלץ ווערט פאַרשנייט.

דער רעדנער מיט דער מאַסע
קיין טריט נישט און קיין שפּרייז.
די גרויסע קאַטערינע
איז אויך פאַרשאָטן ווייס.

און אַלע, אַלע מענטשן
באַקומען איין געשטאַלט,
ווי אין די טעג פון ווינטער
די ביימער אין אַ וואַלד.

די פאָנען, די באַלקאָנען...
אַלץ ווערט איין ווייסע רונג
דער רעדנער רעדט אַלץ שוואַכער,
עס קלעפּט זיך אים די צונג.

אַ רגע, א לעגענדע
אין צפון לאַנד איז „שאַ״
דאָך ציטערן די הימלען,
מען רוסלאַנד שרייט: „אוראַ!״

„אורא !“ און אַלע טרייסלען
פון זיך דעם שניי אַראָפּ...
דאָך בלייבט אַ ביסל זילבער
אויף יעדן פרייען קאָפּ.

1917

# אויפן דעכל ליגט אַ קעצל

אויפן דעכל ליגט אַ קעצל,
או פן דעכל, אויף דער זון
קאָן איך ס'קעצל נישט פארגינען
נישט דאָס דעכל, נישט די זון
דרעמלט — מיד און דרעמלט — זיסלעך,
ציט עס אויס די קליינע פיסלעך,
ציט זיי אויס און ציט זיי איין —
עס איז גוט אַ קאַץ צו זיין.

1918

# אַ קעצל לויערט אויף אַ פויגל

א קעצל לויערט אויף אַ פויגל
און איך לויער אויפן קעצל —
מיטן האַרץ און מיט די אויגן.

ס'איז אַ שאָד אַ יונגן פויגל,
נאָר דער יאַגד איז מיר געפעלן,
ווי געשיקט עס איז דאָס קעצל.

אָי, אַ פּיפּס.. און אַ רחמנות:
ס'פּליען פעדערלעך פיל גראָע..
פ'פּליען פעדערלעך פיל גראָע...

1917

## כ'האָב אַ קעצל

כ'האָב אַ קעצל אין מיין צימער,
פרירן מיר דאָ זאַלבענאַנד;
איך ביים טישל מיט די ביכער,
זי — וואַרט אָפּ אַ מויז ביים וואַנט.

אָט אַזוי פאַרגייען שעהן,
ביז דאָס ליכטל לעשט זיך אויס;
שפּעטער הער איך, ווי דאָס קעצל
שפּרינגט און שפּילט זיך מיט דער מויז.

ווען זי קומט אויף מיין געלעגער
זוכן וואַרימקייט און רו,
דאַן באַהאַלט זי אַ רע נעגל,
טוליעט זיך גנביש צו.

קלאַפּט מיר אָן דער ווינט דער בייזער,
מיין איך, אַז דער טויט.. ווער ווייס!
נעמט אַ הונט אין דרויסן בילען,
בלאָזט זיך אָן דאָס קעצל בייז...

1917

## דער מעצענאַט

זיי קומען יעדע נאַכט אין שענק,
די אויגן מיד און מאַט:
דער דיכטער מיט די לאַנגע האָר
מיט אים דער מעצענאַט.

מען זיצט, מען רעדט, מען עסט, מ'לאַכט
מען גענעצט אין דער נאַכט אַריין,
מען גענעצט אין דער נאַכט..

און זיצנדיק שוין זאַט און מיד,
שרייבט אָן דער דיכטער אַזאַ ליד...
אויף אַ סערוועטקע שרייבט ער אָן —
אַן עפּיגראַם, אַ קלאַנג, אַ טאָן...
אַ ליד...

דער מעצענאַט, דער מעצענאַט
האָט אַ פאַרשוויצטן קאָפּ.
ער נעמט דאָס פּרפּס פּאַפּיר אין האַנט,
דעם דיכטערס ליד,
און ווישט די פעטע ליפּן אָפּ.

1917

## דריי קעפּלעך

עס הענגען ביי מיר אויפן וואַנט
דריי בילדער, דריי מיידלשע קעפּלעך.
די ערשטע האָט גאָלדענע צעפּלעך —
דריי יאָר, ווי מיר זענען באַקאַנט.

אַ יאָר האָט געדויערט, אַ יאָר —
איך קאַרג נישט קיין לידער, קיין בלומען...
דערווייל איז די צווייטע געקומען,
די צווייטע האָט פּעך שוואַרצע האָר

עס איז נאָך קיין יאָר נישט אַוועק,
איר ליבע האָט נאָך נישט דערעסן,
איך ליב נאָך, איך וועל נישט פאַרגעסן —
קומט גאָר די דריטע אין וועג.

די דריטע — זי האַלט מיך שוין פעסט,
איז שענער פאַר אַלע און מילדער;
די וואַנט אָבער וואַרט אויף מער בילדער, —
מיין האַרץ אָבער בענקט... און פאַרגעסט...

1911

# די שוואַרצחנעוודיקע

שוואַרצחנעוודיק זײַנען טרוימעריש,
זי יום־טובט אײַנז די וואָכיקייט
זי ברענגט אונז נחת אַלעמען
מיט אירע אויגן שמייכלענדיק,

ווען אויף איר האַלז דעם טונקעלן
אַ שנירל פּערל לייכטנדע,
און אויף איר רונדיק אַקסעלע
אַ שאַל פון זייד אַ טערקישן.

און אָנטאָן צו די תנאים איר
אַ ברייטע קרינאָלינע קלייד!
געזוימט מיט שפּיצן בריסעלער,
מיט בופעס און מיט פּאַטשערקעס

עס וועלן אַלע וועג־מאַכן
פאַר דער, וואָס איז שוואַרצחנעוודיק
און מורמלען דרך ארצדיק:
„אַ יודישע בית־מלכּה גייט!"

1915

# האָסט פאַרוויינט די אויגלעך

האָסט פאַרוויינט די בלויע אויגן
און פאַרטרויערט די מינוט...
זיי נישט ברוגז, זיי מיר מוחל,
זיי מיט מיר, ווי פריער גוט!

האָסט פאַרטוליעט בייז דיין קעפל,
ווי אַ קינד, וואָס ווערט אין כּעס...
מיינע בייזע, שטרענגע ווערטער
זענען מער נישט, ווי אַ שפּאַס.

ביזט די קליגסטע און די שענסטע,
זעסט! איך קני צו דיינע פיס...
נישט צעשטער - זשע אינזער חלום
מיט דיין קינדערשן קאַפּריז.

האָסט פאַרוויינט די בלויע אויגן
און פאַרטרויערט די מינוט...
זיי נישט ברוגז, זיי מיר מוחל,
זיי מיט מיר, ווי פריער גוט.

1912

[redacted]

# אין פאַריז

אין ערגיץ נישט, ווי דאָ אין רוישיקן פאַריז
אין אַלע נעכט פון זנות און שכורן קאַפּריז...
אין ערגעץ נישט ווי דאָ איז טייער מיר אַ גאַס,
וואָס דרימלט אין דער שטיל און שווייגט עלעקטריש-בלאַס.

ס'שווייגט די לאַנגע באַנק, ס'שווייגט דער מאָנומענט,
ס'שווייגט די הונדערט-יעריקייט, אויף אַלטע קרומע ווענט.
אַ פענסטער איז פאַרשטאָרט, אַ טיר איז פעסט פאַרמאַכט,
ווי אָפּגעיאָגט פון רויש באַהאַלטסטו זיך, מיין נאַכט...

דו מיינסט, אַז מיר איז ליב דער ווילדער טשאַרלעסטאָן,
די אייביקע געשטאַלט פון קנעכטישן גאַרסאָן,
דער קערפּער פון דער פרוי וואָס גייט פון האַנט צו האַנט,
איך וואַרג זיך אַזוי אָפט מיט זיך אַליין פון שאַנד.

מיין רייניקונג, מיין נאַכט! מיין באַבעשי פון גנאָד!
איך לויף פון זיך אַליין, איך טרינק דעם סם פון שטאָט
וווּ שמוץ ליגט אין נשמה, ווו נשמה ליגט, אין שמוץ —
מיין רייניקונג, מיין נאַכט! איך זיך ביי דיר מיין שוץ...

# אויף דער שטיינערנער גאס

אויף דעם שטיין - טראָטואַר, אויף דער שטיינערנער גאס
ליגט מיין נאַכט.
אויף אַ בוים פון דער גאַס, אויף אַ לאָמפּ קרענקלעך - בלאַס
הענגט מיין נאַכט.

שאַמפּאַניער געטרונקען. געטרונקען נישט קנאַפּ —
גאָך אַלץ נאַכט...
צו די שכנ'ן אַ פלי טון, אַ פלי, און אַ כאַפּ —
העלף מיר נאַכט!

מיט די מיידלעך געטאַנצט און געקושט זיך מיט זיי
היינט ביינאַכט —
נאָר די נאַכט איז געבליבן ביי מיר נישט ביי זיי
שטענדיק נאַכט.

אין מיין פענסטער אריין אין מיין האַרצן אַריין
קוקט די נאַכט...
אַז דאָס מיין אייביקע כלה שוין ווין!
אַט די נאַכט.

192*

## די קליינע

עס טראָגט מיט ווייך פון אירע ליפּן,
אויף מיין געלעגער שמעקט מיט ווין...
די קליינע שלאָפט מיט אויפגעמאכטע ליפּן —
וואו קאָן זי איצט אין חלום זיין?

אין זשיפּסי - רעסטאָראַן, זי טאַנצט מיט אַ יאַפּאַנער
און וואַרפט אין טשאַרלעסטאָן די שלאַנקע פיס..
ביי אַ טישל וואַרט אויף איר אַ יענקי מיט שאַמפּאַניער
זאָל ער וואַרטן; דער אָרקעסטער שפּילט אויף ביס.

זי שווימט דאָרט ווי אַ פּאַליע צווישן פּאַליעס
זי שוועבט דאָרט ווי אַ שמעטערלינג אין פעלד.
אַלט - פראַנקרייכס טעכטער מיט די שמאָלע טאַליעס
אין די אָרעמס זענט איר פון דער גאַנצער וועלט.

נישטאָ קיין מוט - לוכט זי צו בעטען וועקן,
זי האָט אַ סך געטרונקען און געטאַנצט אַ סך...
אַט באַלד... זי וועט די ווייסע אָרעמס שטרעקן
זי ווייסט איר פליכט, געטריי איז זי איר פאַך...

19..

# בײַ דער סײַן

צי אָן מיר, צי מיט מיר... ס׳שווימט זיך די סײַן,
געפּאַגצערט אין שווערן בעטאָן און אין שטײן,
באַלויכטן מיט קאַלטן עלעקטרישן טויט,
ס׳שווימט זיך דאָס וואַסער עס גייט און עס גייט...

מײַן אומרו מיט מיר... נאָר די שטילקייט וואו איז?
די רו פון דער נאַכט איז נישטאָ אין פּאריז...
עלעקטרי, פאַרווײַלונג, שאַמפּאַניער און זנות,
נשמה פאַרקויפט מען און מען קויפט זיך געגוס.

ס׳טרעפט דאָך אַמאָל, עס פּאַסירט אַ מאָמענט,
אַ רגע דערפיל איך דעם נאַכט - סענטימענט,
אַ טרוים פאַלט אַראָפּ אויף די ליידיקע גריק,
אַ טרוים ווי פון טאָג אַ פאַרמאַטערטע פליג...

עס טוט עפּעס באַנג פאַר דער וועלט און פאַר זיך
און פאַר דער לבנה׳ס אַנעמישן פליך...
די נאַכט איז געשענדעט, פאַרגיפטעט און קראַנק —
פּאריז זאָל נישט וויסן... עס טוט עפּעס באַנג.

1925

## די בריקן אויף די סיין

די בריקן ליגן אויף די סיין,
ווי בעטאָנענע קראַוואַטן
און דאָס וואַסער גייט אַליין
אָן אַ מאַמען אָן אַ טאַטן...

נישט עס קוקט אויף מיר, אויף דיר,
נישט עס וויל אונז זען און הערן.
ס'האָט אַ וועלפישן קאָליר
און עס שלינגט ביינאַכט די שטערן.

עלעקטרי - שיין פאַלט אויף אַראָפּ
מיט אַ ציטערדיקן פאַלן.
נאָר דאָס וואַסער טרייסלט אָפּ
מיט געדולד פון זיך די שטראַלן.

עס גייט פאַרביי דעם נאָטר - דאַם
מיט אַזוי פיל הייזער - שענקען...
ווען דאָס וואַסער קומט צום ים
וואָס וועט דאָרט דער ים געדענקען?

עס גייט פאַרביי דעם אייפל - טור
דעם מענטשן - מאַרש פון די מיליאָנען...
וואָס וועט בלייבן פאַר אַ שפור?
וואָס וועט דאָרט דער ים דערמאָנען?..

1925

## צוויי מענער

אין פאריז אין די שפעטיקע שעהן
זענען געגאנגען צוויי מענער.
און גערעדט, ווי שטענדיק וועגן פרויען,
זיך געוואָרפן מיט ווייב ווי מיט שפענער.

וועגן העלען און וועגן מאַדלען,
וועגן לאָלי און וועגן דער קליינער לואיז...
נאַקעט אויסגעטאָן גאַנץ פאריז.

וועלכע פון די מיידלעך ס'קושט מיט ברען,
וועלכע ס'מיינט נאָר די עטלעכע פראַנק...
זיי זענען לאַנג געגאַנגען, לאַנג
און גערעדט וועגן פרויען.

צוויי איינזאמע מענער אין די איינזאַמסטע שעהן...

# אַ זונה

פאַרדרעמלט, פאַרשלעפּערט,
געעפנט איין אויג און פארמאַכט...
אויף אַ רגע געוואָרן אויס זונה:
פאַרטרוימט פון אַ ביסעלע נאַכט...

געצערטלט פון איינעם אַ פרעמדן,
פאַרטרויט זי זיך מערער און מער...
מען קאָן נאָר דעם קערפּער פאַרקויפן—
אַ האַרץ פאַרקויפט זיך שווער...

1925

# אין גאָרטן

געל גאָלדענע גאַרדינען
און ליכטיק ווי בײַ גאָט,
איך קאָן הײַנט נישט געפֿינען
קײן שאָטן אין מײַן סאָד.
געל גאָלדענע דיוואַנעס,
ווי נײַגעריק עס איז,
ס'גליטשן זיך קאַשטאַנעס
בײַ מיר אונטער די פֿיס.
דאָ ליגן טויטע בינען,
שוואַרץ - גלאַנציק נאָכן טויט.
די קאַלינע - רובינען
פֿאַרגרעסערן מײַן פֿרייד,
גאָלד - געלע קאָרידאָרן,
וואו פֿירן זײ, וואוהין?
צי בין איך נישט געוואָרן
הײַנט רײַכער, ווי איך בין?

1914

## שפּינוועבס

פון נאָנטן בוים, פון הינטל־בלאָז
לויפט אָן אַ שפּינוועבס אויף מיין נאָז.
וואָס וויל ער מיר דעם וועג פאַרצוימען
צו מיינע ניי־באַגילדטע טרוימען?

איך האָב קיין נחת נישט פאַרזוכט,
ס'האָט קיין פריינט מיך נישט געזוכט,
דער גיכער זומער איז פאַרשווונדן
און האָט מיין האַרץ נישט אָנגעצונדן.

איצט שפּיל איך זיך מיט גאָלדענעם שטויב,
און ווי איך טרוים און ווי איך גלויב...
איך קום אויף גאָלד אין גאָרטן טאַנצן
און זעט ווי מיינע אוצרות גלאַנצן.

איך טייל זיך נישט מיט קיינעם, ניין!
מיין וועג מיין איינזאַמער איז שיין.
און אַלץ, וואָס רייצט די אויגן מיינע —
דאָס אַלץ וועט זיין און בלייבן מיינע...

1914

# וואָס מערער ביימער

וואָס מערער ביימער, וואָס מערער ביימער,
אַלץ מערער שאָטן פאַלט אין סאָד.
וואָס מערער שאָטן, אַלץ מער געהיימער
זעט אויס דאָס שווייגן פון מיין גאָט.

ס'האָט יעדער גאָט צען עלטער - געטער,
און יעדער טויט באַנייט אַ דור,
איך טרעט אויף גאָלד... אויף טויטע בלעטער
און איך באַדויער נישט מיין יאָר.

ס'האָט יעדער וועג צען נייע וועגן
און יעדער קלאַנג אַ ווידערקול.
וואָס מער וועסט זוכן, וואָס מער וועסט פרעגן,
אַלץ מער פאַרפּלאָנטערט דיך דער טאָל...

1914

## אַ רעגנדל טראָפּנט

אַ רעגנדל טראָפּנט אַ מידער
און פּויקט מיר אין פענסטער אַריין,
איך לייען סערוואַנטעסן ווידער
און הער מיך צום רעגן נישט איין.

איך רייט אויף אַ טערקישער סאָפע
און חלום פון זומער נאָך אַלץ
נאָר סאַנטשאָ ליגט אונטער דער סאָפע
און שיט אויף די וואונדן מיר זאַלץ.

אַוועק איז פון דיר דולצינעאַ,
דיין זומער איז אויך שוין אַוועק.
ס'קומען אָן קעלטן און שנייען
און פּוסט איז דיין לעבן... אַ שרעק.

1914

# דאָ איז זיך גוט צו זעגענען

דאָ איז זיך גוט צו זעגענען
און זען ווי אַלץ פאַרגייט...
די ביימער נאָר זיי רעגענען
מיט גאָלד באַשיינטן טויט.

דער אמת איז אין שווייגן דאָ,
דו פילסט עס אין פאַרשטייסט.
דער אמת איז אין שווייגן דאָ,
נישט וואָרט פון מיר קיין טרייסט.

דער חופּה שטאַנג, דער געלביקער
ווערט שיטערער פון ווינט.
איך בין שוין נישט דער זעלביקער,
דו רייצסט שוין נישט, מיין קינד...

אַ שפּינוועבס פאַלט אַראָפּ אויף אונז,
אַ פאָדים דין - באַשטראַלט.
אַ שפּינוועבס פאַלט אַראָפּ אויף אונז
און רייסט זיך איבער באַלד.

1943

## דער גאָרטן שווייגט

דער גאָרטן גלאַנצט ווי אַן אָרקעסטער
מיט גרויסע מעשענע טראָמפּייטן.
די נאַקעט - אָפּגעדעקטע צווייגן
וועלן אויס ווי לאַנגע פלייטן,

די זונגען רויזן בליצן פרייליך
ווי טאַזן רונדע אָפּגעשייערט.
צי מען וואַרט א נייעם ווערשער?
מען באַגלייט דאָ צי מען פייערט?

די קאַלינעס מיט רויטע מיצן,
מיט רויטע מאַנטלען — קאַרדינאַלן.
אַלע וואַרטן, אַלע שווייגן...
און די דינע שפּינוועבס פאַלן.

1934

# רענדלעך

רענדלעך, רענדלעך אָנגעשאָטן,
װיפיל האָב איך זײ צעטראָטן,
װיפיל האָט דער װינט צעטריבן —
און אַזױ פיל נאָך געבליבן.

דאָך זײ װעלן דאָ שױן בלײַבן:
איך װעל קײמאָל גאָלד נישט קלױבן,
גלאַנצט און שימערט פאַר די אױגן,
איך צו דר'ערד װעל זיך נישט בױגן.

שאַרכט, װי זײַד — איר װעט נישט נאַרן:
מיט די פיס װעל איך צעשאַרן
אײַך אױף אַלע, אַלע זײַטן
און זיך פרײַען פונדערװײַטן.

זאָל מען קומען, זאָל מען נעמען
װער עס װיל... מיך װעט נישט קלעמען
אַלע גערטנער, אַלע װעגן
זענען פול מיט מײַן פאַרמעגן.

1915

# אַ קאַראַהאָד

ס'איז געלע בלעטער רוישט דער סאָד.
אַ קאַראַהאָד, אַ קאַראַהאָד.
ס'שלענגלען זיך פיל געלע צעפּ,
ס'טראָגן זיך פיל הירשנקעפּ,
צווייגן — הערנער,
בלעטער — דערנער,
טויטע בינען, שמעטערלינגען —
אַלץ צוזאַמען אין איין שפּרינגען.
שפּינוועבס - פעדים, פייגל נעסטן,
אַלע ביימער ביזן גרעסטן, —
שאָרכן, רוישן, איינגעהאַלטן...
און דאָס וואַסער כאַפּט אַ ציטער,
טראָגט אַוועק פיל דאַרע ריטער,
שטויב פון בלומען,
טויט פון בלומען,
טראָגט אַוועק אין ים אין קאַלטן
אונזער זומער,
פרייד און זומער
בלעטער — שמות
און חלומות...
אַ קאַראַהאָד, אַ קאַראַהאָד!
ס'איז געלע בלעטער רוישט דער סאָד.

1915

## נאַסטורציעס

ווי רויקע פלאַמען פאַרטאָג, גאָר באַגינען,
ווי עפּעלעך רויט און ווי געלע ציטרינען,
ווי גאָלדענע רענדלעך, ווי שטאָלצע מעדאַלן:
נאַסטורציעס אין שאָטן נאַסטורציעס אין שטראַלן...

צעשאָטענער בראָנז אויף די שמאָלע קאַרניזן,
א רמז אויף זומער, אַ יונגפרויס קאַפּריזן...
אָט באלד וועט אַ האַנט זיך אַ ווייסע באַווייזן
און גלעטן די בלומען, וואָס פאַלן צום אייזן...

א בענקשאַפט צו ווענען, אַנאָנזאָג, אַ סימן
פון עפעס אַ ליבע, אַ סוד אַן אינטימען...
געשלענגלטע בלומען אויף הייזער ווי תפיסות —
איך גיי מיט אַ ברכה, איך זינג און באַגריס עס.

1915

# נאַסטורציעס אויף באַלקאָנען

נאַכטורציעס אויף באַלקאָנען אין שלענגלדיקן חן,
חי פּרעסקעס, ווי אַ בלומענקייט אויף ציגל און אויף שטיין.
איך האָב אין זיי אַ נאָענטקייט, אַ קרובעשאַפט דערקענט —
נאַסטורציעס אויף באַלקאָנען, נאַסטורציעס אויף די ווענט.

איך בענטש אַצינד די שעה, וואָס האָט דאָס קערנדל דערשפּירט.
דעם שטראַל, וואָס האָט אין גאַסנשטויב די בלומען אָנגערירט...
די הענט, וואָס ברענגען וואַסער דאָ — כ׳בענטש אַצינד די הענט—
נאַסטורציעס אויף באַלקאָנען, נאַסטורציעס אויף די דענט.

צו מיר, וואָס גייט אין שאָטן דאָ, וואַרפט קיינער נישט קיין בליק.
נאָר דריי מאָל גיי איך ווייט אַוועק און קום דריי מאָל צוריק...
איך קוק אַליין זיך שעמענדיק, פון שטילן סענטימענט —
נאַסטורציעס אויף באַלקאָנען, נאַסטורציעס אויף די ווענט.

1915

# ק ר א

מצבות און קברים אין חייסן פאַרצויגן —
„קראַ!״
אַ פערד ליגט אַ פּגר אין פעלד אויסגעצויגן —
„קראַ!״
היינט רייסן שטיקער פון פערד, און אַנטלויפן —
„קראַ!״
שפּרינגט שוין אַ קראָ פונדערווייטן אַ שוואַרצע —
„קראַ!״
טאַנצט שוין אַ מחנה מיט שטאָלענע שנאָבלען —
„קראַ!״
פּליקן זיי, פּיקן זיי לאַנגזאַם דעם פּגר —
„קראַ!״
שטשירען די ציינער זיך שרעקלעך ביים פּגר —
„קראַ!״

1916

## אין חודש שבט

אין חודש שבט איז טויט די ערד
און איך האָב לאַנג שוין נישט געהערט —
די קלאַנגען פון מיין ליד,
די קלאַנגען פון מיין ליד.

חי אומגעדולדיק וואַרט מיין האַרץ,
דער שניי זאָל גיכער ווערן שוואַרץ,
דער טייך זאָל נעמען גיין,
דער טייך זאָל נעמען גיין.

און ווען דער טייך וועט נעמען גיין,
וועל איך אַוועק אין פעלד אַליין...
און גאָט וועט זיין מיט מיר,
און גאָט וועט זיין מיט מיר.

1914

# אויפֿן באַרג

אויפֿן באַרג איז דער שניי נישט גערירט,
אויפֿן באַרג האָט דער ווינט היינט שפּאַצירט...

איצטער רייצט מיך די ווייטקייט און בלענדט,
איצטער האָב איך גאָטס לעבן דערקענט.

אונטן שיינען די הייזלעך אין שניי
און דער נאָדל-וואַלד גרינט נעבן זיי...

און די בלויקייט פֿון שלענגעלע רויך
שיקט אַ האַרציקן גרוס אין דער הויך.

שיקט פֿון דערפֿל אַ האַרציקן גרוס —
נאָר איך ה אַנדער שוין ווייטער... איך כּוז...

1914

## ס'וועט אמאָל אַרויס אַ שניי

סוועט אמאָל אַרויס אַ שניי,
אַ טאָג, אַ נאַכט, אַ טאָג און צוויי,
אַ טאָג, אַ וואָך און ביז אַ יאָר —
סהערט נישט אויף, ס'שנייעט און גאָר.
צוערשט די גאַס, שוין ביזן שוועל,
שוין איבער לאָדן, איבער דעל.
פאַרשאָטן דאַך, פאַרשאָטן וואַנט,
פאַרשאָטן דאָרף און שטאָט און לאַנד.
און אָט אַזוי און אָט אַזוי:
די גאַנצע וועלט וועט זיין אין שניי...

דער מענטש וועט צוגיין צו זיין טיר,
נאָר טיר און לאָדן נישט קיין ריר.
פון אונטן שניי פון אויבן שניי,
סוועט פאַרגליווערט זיין געשריי.
ער גראַבלט, גראַבלט טיף און ווייך
און פרואווט ער בלאָזן—פעלט אים הויך
און פרואווט ער קריכן—וואו און ווען?
ער וועט שוין מער דאָס ליכט נישט זען...
און אָט אַזוי און אָט אַזוי;
די גאַנצע וועלט וועט זיין אין שניי...

אויף רייכע בעטן און אויף שטרוי
וועט אויסשטאַרבן די וועלט אין שניי,
און באַלזאַמירן וועט די קעלט

עם גרעסטן פּחדן אין דעם העלד,
דדי מויז אין קעלער און מיט איר
דאָס גאַנצע הויזגעזינד פון גביר
דעם תּפיסה־וועכטער ביי דער וואַנט
און דעם פאַרשפּאַרטן אַרעסטאַנט...
און אָט אַזוי און אָט אַזוי:
די גאַנצע וועלט וועט זיין אין שניי...

סוועט זיין די וועלט פאַרגליווערט רוי,
שוין נישט קיין וועלט, נאָר שניי און שניי
קיין פאַרב, קיין צייכן וועט נישט זיין,
קיין אָפּקלאַנג נישט, קיין ליכט, קיין שיין
א ווייסע ווייסעניש — נישט מער
אָן רוף, אָן אויג און אָן געהער,
א ווייסער טויט פון פראָסט און אייז,
תּכריכים אייביק ניי און ווייס...
און אָט אַזוי, און אָט אזוי:
די גאַנצע וועלט וועט זיין אין שניי...

1916

# אַ ווייסע וועלט

אַ ווייסע וועלט, סוועדט מיר פֿרייִלעך.
שוין אַלץ פֿאַרדעקט, שוין אַלץ אין שניי
דעם פּורמאַנס קאַרק, זיין דאַרער פֿערדל
דער לאַנגער, ענדלאָזער שאָסיי.

דאָס פֿערדל שלעפּט זיך מיד און לאַנגזאַם
און ציט דעם שליטן אויפֿן באַרג.
דער פּורמאַן שלאָפֿט... איך מאָל און צייכן
אויף זיין ברייטן, ווייסן קאַרק...

איך פֿאָר פֿאַרביי אַ קליינעם דערפֿל,
דאָרט וואוינט אַ ייד שוין יאָרן פֿיל
אויף פֿרעמדער ערד מיט פֿרעמדע שכנים,
אַ פֿרעמד וואַסער טרייבט זיין מיל

איצט שטייט די מיל פֿאַרשנייט, פֿאַרפֿרירן
און גאָט און מענטש זעט אויס פֿאַרלוירן.

שוין ווידער פֿעלד, סשטיפּט אַ ווינטל
און זייפֿט מיר אָן מיט שניי דעם קאָפּ...
דער פּורמאַן ברומט עפּעס אין חלום,
דאָס פֿערדל טראָגט זיך באַרג אַראָפּ...

1913

## אין פעלד

איך בין היינט אין פעלד געגאַנגען
און קיינעם נישט געטראָפֿן,
נאָר פֿלוצלונג איז אַ שליטעלע
מיט אימפּעט אָנגעלאָפֿן.

אין שליטן איז געזעסן ווער.
געלאַכט הויך און געזונגען...
די גלעקלעך האָבן מיטגעלאַכט
און ווייט ווייט אָפּגעקלונגען.

געשראָקן פֿון דער האַסטיקייט
בין איך נאָך לאַנג געשטאַנען,
געקוקט אין ווייטן פֿעלד אַריין,
געקוקט און נישט פֿאַרשטאַנען...

אָך, אפֿשר איז דאָס גליק אַזוי
מיט האַסט אַדורכגעפֿלויגן.
באַוויזן זיך, און גלייך מיט שניי
פֿאַרשאָטן מײַנע אויגן?

1912

## ווייסע, ווייכע פערענעס

ווייסע, ווייכע פערענעס —
לולינקע, מיין וועלט!
שלאָף אונטער די פערענעס
אומעט־קעס פעלד!

קראָען מיט באַגלאַנצטע קעפּלעך
גריבלען זיך אין שניי,
זעען אויס, ווי שוואַרצע קנעפּלעך
אויף אַ ווייס געניי.

שטייט אַ בוימל אַ סקעלעטל,
אויסגעפרוירן, טויט.
וואו איז דערפל, וואו איז שטעטל?
וואו איז מענטש און פרייד?

פאָרט אַ פויער מיט אַ טרומנע...
טויט איז דאָך די וועלט!
שלעפ זשע, ווינט, אַראָפּ די טרומנע...
דאָ אינמיטן פעלד!

1914

## אַ גלגול

אין מיר איז אַ גלגול אריין פון אַ יעגער...
אין ווייסן פרימאָרגן איך שפרינג פון געלעגער
וואו זענען די ביקסן? איך טאַפּ מיינע ווענט –
איך זוך און איך בלייב דאָ מיט ליידיקע הענט.
אין זעקל פון אָנפּילן געפין איך קיין שראָט
איך קוק דורכן פענסטער ארויס אויף דער שטאָט:
דאָס זענען קיין הייזער, קיין תפיסות, נאָר שלעסער
פאַרשנייטע פּאַלאַצן און גרעסער אַלץ גרעסער.
און ווילד ווערט מיין בענקשאַפט צום וואַלד צו די שנייען
ס'וועט, מיט וואָס אַנדערס דער טאָג מיך נישט פרייען.
און אָט זענען וועלדער שוין ווייסער און נאָענטער,
איך קריך דורך די ביימער איך בלאָנדזשע אין פּלאָנטער
פון בילדער און וויזיעס פון גרויען פאַרצייטן;
ווער שפרייזט דאָרט? ווער שפילט דאָרט? ווער שיסט פונדערווייטן?
ווער איז אויף מיין ערד אומגעבעטן געקומען?
ווער האָט מיך באַגנבעט, מיין ביקס צוגענומען?

1913

## כ'וועל נעמען אַ שופר

כוועל נעמען אַ שופר און בלאָזן
און פריינט וועלן קומען אַ סך...
מיר וועלן דורך וועלדער זיך לאָזן
צעטרייסלען דעם זילבער פון סך.

דעם סאַמעט דעם ווייסן צעטרעטן
און זוכן סמנים אין שניי...
צעשיקן שלוחים — שטאַפּעטן
און וואַרטן סיגנאַלן פון זיי.

די הינט וועלן לויפן און בילן
און יאָגן פאַרסאָפּעט אַ האָז.
אין וואַלד אין פאַרקלערטן און שטילן
וועט פאַלן אַ פרייליכער שאָס

די טראָפּנס די רויטע, ווי קווייטן,
ווי רויזן וואָס בליען אין שניי.
דעם וואַלד וועט די ווייטקייט באַגלייטן
אין עכאָ פון אונזער געשריי...

1915

## בלויע פעדערן

מיין הוט האָט בלויע פעדערן
מיין הערב איז גוט באַקאַנט.
איך ווער באַגריסט פון יעדערן,
איך גיי און דריק די האַנט:

ביי מענער און ביי יינגע פרויען,
איך רוף און לאַך צו זיי...
ווער וועט מיט מיר זיך לאָזן בויען
א ווייסן שלאָס פון שניי?

אַ ווייסן טרוים פון שטויביקייט,
ווי יעדער טרוים אויף ד'רערד.
נישטאָ קיין זאַך אין אייביקייט,
וואָס ווערט נישט באַלד צעשטערט...

ס'ציטערט טאָל און ווייטעניש
פון לאַכן און געשריי:
פאַרשיט מיך, פרויען פריילעכע!
מיט קושן און מיט שניי...

1915

## ווינטער־בעט

אויפן גאַס אַרום דעם פענסטער פליען שנייעלעך און ווייען
און אין פענסטער שטייען בלומען ווייס און ווייסער פאַר די שנייען...
בלומען דורכזיכטיק — פאַרדעקטע צו די שנייעלעך אין דרויסן,
צו דער ווייסקייט, וועלכע קלאַפּט זיך אין די שויבן אָן אָן אָטעם.

בעז אין ווינטער, ווי די נעצן פאַר צעשראָקענע כּאָזילן,
בעז אין ווינטער, ווי גירלאַנדן פון דעם טוי־פּראָכט אויסגעוועבטע
דינע פעדים, נישט דערשפּינען אין אַ שווייגענדיקן פּלאָנטער...
אין אַ צויבער־טרוים פאַרגליווערט.. טויטע־לעבעדיקע בלומען.

און אַרום די ברייטע גאַסן זעגען שווייגנדיק פאַרשאָטן,
אָנגעפּודערט מיט דער ווייסקייט אין אַ לאַנגזאַמער באַוועגונג,
און דורך שניי־ווייסע גאַרדינען, דורך די ציטערדיקע טיולן
פאַלן ראָזע, שטילע שאָטנס פון די פענסטער קעגנאיבער.

בעז אין ווינטער — צווייגן — העלזער, ווי ביי ווייסע פרומע פּאַרעס.
בעז אין ווינטער... איינגעדרימלט און פאַרחלומט זיך פון זומער...
בלייך די גרינקייט פון די בלעטער, ווי די בעכערס פון פאַנטאַזיען,
וואו ספּאַלן דימענט־טרערן פון די רגעס, וועלכע שטאַרבן.

זאָל די ווייסקייט מיר פאַרוויגן מיינע ספקות און מיין אומרו
און אהיים וועל איך אַוועקגיין מיט אַ טרייהייט נאָך די בלומען.
נאָכאַמאָל פאַרליבן זיך אין שווייגן און אין שאָטנס
אין נאַכט און אין די לידער, וועלכע ווערן נישט דערזינגען...

916

## רויטע טוליפּאַנעס

פון אַ פענסטער האָבן פרייליך זיך צעפינקלט
רויטע, פורפורענע טוליפּאַנעס:
אויף להכעיס נאַכט און ווייטקייט.
שניי און ווינטער אויף להכעיס.

שניי אויף הייזער אָנגעשאָטן,
אויף קאַרניזן, אויף די דראָטן,
שניי אויף ד'רערד און שניי אין פעלן
ווייסקייט, ווייסקייט, איבעראַלן.

ווייסקייט, ווייסקייט,
נאָר סקריכן אין דער ווייסקייט
רויטע פינגער, רויטע שפּיצן,
רויטע שאָטנס...

עס באַגלייט מיך
און עס נויט מיך
נאָכאַמאָל צום פענסטער קומען,
צו די רויטע, צו די לאַכנדיקע בלומען.

1916

# ר ו י ז ן

בײם קשיאָנדז אין גאָרטן בליִען רויזן,
דער קשיאָנדז אַלײן איז אַלט און שוואַך.
ער האָט דערפֿאַר אַ הונט אַ בײזן —
דער הונט איז שטענדיק אויף דער וואַך...

און ווילן קינדער רײסן רויזן,
און שפּרינגען קינדער דורך דעם פּלויט —
רײצט אָן דער קשיאָנדז דעם הונט דעם בײזן
און שטײט און שמײכלט שטילערהײט...

1913

## נישט קיין חלום

נישט קיין חלום געטרייע, נישט קיין ערינערונג,
נישט קיין בילד אויף קאַנווע אויסגעוועבט:
רויזן לעבעדיקע בליען.

עס האָבן בלומען זיך געעפנט,
ווי די פאָנען פון זיגרייכע מלוכות
אין אַ יומטוב־טאָג.
עס האָבן בלומען זיך צעשמייכלט,
ווי קינדער שפּילענדיק אין זונעדיקן פּאַרק.
קום צו יענע פריילעכע אַלייען,
וואו עס בליען רויזן.

אָט נידערן צו אונז אַזויפיל קוויטן:
נעגעלעך אין אַלע פאַרבן, טוליפּאַנעס ביז די קני
און דאָרפישע אירויסן.
זע, ליליען בליען!
נאַסטורציעס שלענגלען זיך קאָקעטיש אויף די בייטן
מיר גייען און מיר גריסן זיך צו יעדער בלום,
מיר גייען, נאָר מיר שטעלן זיך נישט אָפּ:
עס ציט אונז בלויז צו יענער מלך־בלום —
צו די רויזן...

נישט קיין חלום, געטרייע! ווי זיי ווינקען, די רויזן,
ווי זיי בעטן זיך אין האַנט אַריין און ווי זיי שטעכן!
צעשטאָכן זיך אַ פינגער שוין, מיין שעמעוודיקע מיידל,

אַ ווייסע רויז ווערט רויט פון דיינס אַ טראָפּן בלוט!
און דיין געזיכט פון מיינס אַ בליק...
אַך, לאָז! איך וועל אַליין פאַר דיר די בלומען רייסן
און דו נעם-צו... און פלעכט אַ חופּה-קראַנץ פון רויזן.

איך וועל קיין איינציק בלום אין גאָרטן דאָ נישט לאָזן,
דאָ וועלקן זיי נאָך גיכער, ווי ביי אונז אין הארצן.
גרייט אָן די שענסטע בלומענטעפּ, גרייט אָן!
אויף אונזער שוועל, אויף אַ נוער טיש און נאַכט-געלעגער
ברענג רויזן!

נישט קיין חלום, געטרייע! דאָס גליק איז געקומען
און ער פירט אונז, ווי אַ גאָט אַ יונגער און אַ טאָלצער,
און מיר גייען און מיר זינגען צווישן פלאַמען —
צווישן רויזן...

1912

## עס שרעקט שוין דער טאָג

עס האָט אונז דערשראָקן דער בלייכער פאַרטאָג:
דאָס ליכט, וואָס האָט פּלוצלינג פאַרטריבן די נאַכט,
דער פויגל, וואָס זינגט שוין זיין ליד אויפן בוים,
די בלומען, וואָס לויכטן מיט אויפגאַנג און טוי.

עס האָט אונז דערשראָקן דער בלייכער פאַרטאָג,
דאָס קרייען פון האָן און דעם פּאַסטוכלס פייף,
דער ערשטער געדאַנק, אַז דער טאָג איז שוין נאָנט,
די נאַכט איז אַוועק און עס שרעקט שוין דיין בליק.

1912

[redacted]

# איך ליג אויפן גראָז

איך ליג אויפן גראָז מיטן פנים צום הימל,
איך עפן די אויגן — זיי מאַכן זיך ווידער באַלד צו.
געשמידט איז מיין ווילן און זיס איז ביז ווייטאָג מיין רו —
איך ליג אויפן גראָז מיטן פנים צום הימל.

און וואָס איז מיר פריינטשאַפט און ליבע גענאַרטע?
די שטראַלן, זיי ברענען און בראָטן מיין בלייכן געזיכט...
און אַלץ איז מיר גאָרנישט, און אַלץ איז מיר קלאָר, ווי דאָס ליכט—
יאָ, וואָס איז מיר פריינטשאַפט און ליבע גענאַרטע?

פון נאָענטן — רוישט וואַלד און פון ווייטן — אַ וואַסער.
צי לעבט נאָך דאָס לעבן? איך הער נישט קיין רוף, קיין באַפעל.
אַ שטראַל, — אַ געדאַנק ווערט געבאָרן און שטאַרבט אַזוי שנעל—
פון נאָענטן — רוישט וואַלד און פון ווייטן — אַ וואַסער...

1918

# פרילינגס-ליד

דאָס האָסטו געבראַכט דעם פרילינג,
גרינג און ליכט האָסטו געבראַכט...
דאָס האָסטו דעם אַלטן בחור
יונג און שטיפעריש געמאַכט

וואַלד און פייגל, קוואַל און לאָנקע —
ערד און הימל זינגט פון מאַי.
אויפגעזוכט האָב איך מיין האַרפע
זיין צוס שפּילט זיך לייכט און פריי.

דאָס האָסטו די שוואַכע סטרונעס
אָנגעצויגן אַזוי פעסט!
הער נאָר, מיידל, ווי זיי קלינגען
זע נאָר, מיידל, ס'קומען געסט

בליץ און דונער, רעגנבויגן,
זודיק-זון און תאווה-נעכט...
דאָס האָסטו באַשיינט דאָס לעבן
און באַפרייט דעם ספק קנעכט...
דאָס האָסטו!..

1913

## אויפן טייך

גיב אַ קוק אין וואַסער, ווי עס שפּיגלט אָפּ:
אַלע ביימער שטייען מיט די קעפּ צוראָפּ.

און די שטערן שווימען מיטן שיפל גלייך...
כאַפּ נישט מיט הענטלעך, בויג זיך נישט צום טייך!

צאַפּל נישט, געליבטע, קוק מיך בייז נישט אָן:
ס׳ווינטל מעג דיך קושן — מעג איך אויך דאָס טון.

1911

## קוקט צו די שטערן!

קיקט צו די שטערן, פאַרעלנטע מענטשן!
עלנטער וועט איר נישט ווערן,
אפשר וועט וועמען די אייביקייט בענטשן...
קוקט צו די גאָלדענע שטערן!

אַלץ פון דער ערד איז פאַר אייך צו דערגרייכן,
שטאַרקער וועט איר שוין נישט ווערן...
אפשר האָט גאָט נאָך פאַר וועמען אצייכן —
קוקט צו די גאָלדענע שטערן!

1916

## קום צופאָרן!

קום צופאָרן, מירקע! דו וועסט מיך נישט דערקענען
די זון האָט מיך פאַרברענט—זי וועט דיך אויך פאַרברענען!
טונקעלער שטאָל מיינע הענט,
טונקעלער בראָנז מיין געזיכט,
כ׳האָב דאָ אַ פּלאַץ אָן ווענט
פון בלומען, פון גרינס און פון ליכט...

קום צו פאָרן, מירקע! ס׳איז די צייט צו ליבן,
איך האָב צו דיר דעם בריוו מיט שמראַלן אָנגעשריבן
קומסטו נישט באַלד, וועט זיין שפּעט,
אַנדערע שמייכלען מיר טריי
קורץ איז דער טרוים ביים פּאָעט,
שטאָלץ איז זיין ווילן און פריי.

1912

## רייסן אַבלימל

רייסן אַבלימל, כאַפּן אַ שטראַל,
שפּרייזן אין װעלדל, רוען בײַם קװאַל,
האָרכן ביינאַכט, װי ס׳בלעטערט אַ בױם,
ציילן די שטערן, װאָס פאַלן אין תהום.

טרוימען פון דעם, װאָס ס׳איז שוין אַװעק,
װאַרפן די לאַסט פון די קומענדע טעג,
װאַרפן פון זאָרגן און בויען די לאַסט,
זיין דאָ אין לעבן אַנאייַנפאַכער גאַסט.

גיב דײַנע ליפּן, צעלאָזענעס קינד!
מאָרגן װעט אַלעס אַװעק מיטן װינט,
שיין איז די ערד און באַגאָסן מיט שיין...
סוף כל סוף װעט אונזער קבר דאָס זיין.

1915

## דער יונגער פֿישער

עס ווערט נאַכט, עס באַווייזן זיך שטערן,
די ווערבעס ביים ברעג דרעמלען־איין...
און אַ ייִנגעלע שטייט מיט אַ ווענטקע
און קוקט אַלץ אין וואַסער אַריין.

די אייגעלעך פינטלען כּסדר,
די ליפּן די קליינע פאַרמאַכט...
אפשר וואַרט ער אַ גאָלדענעם פֿישל
און מערקט נישט ווי גיך עס ווערט נאַכט.

צום ברעג שווימט אַ ראָזאָווע פּאַליע
און גנבעט צום ייִנגל זיך צו.
שווענקט־אָפּ זיינע באָרוועסע פיסלעך
און לאָזט אים גלייך ווידער צורו.

קוים קלינגען פֿון ווייטן די גלאָקן,
זיי וויגן אַליין זיך שוין איין...
און אַ ייִנגעלע שטייט מיט אַ ווענטקע
און קוקט אַלץ אין וואַסער אַריין.

1911

# ווייסטו ?

ווייסטו. קליינע. פון וועמען איך טראַכט ?
אין די רויִקע שעהן פאַרנאַכט.

ווען עס שיידט זיך די זון מיט דער וועלט,
ווען עס ברענען די זאַנגען אין פעלד ;

ווען פון הימל שיקט שטערן אַראָפּ,
און עס שפּיגלען אין וואַסער זיך אָפּ

קליינע וואָלקנס פון בראָנז און פון גאָלד,
ווי זיי וואָלטן שוין שלאָפן געוואָלט —

ווייסטו, וועמען איך רוף אין דערמאָן ?
וועמעס נאָמען עס קלינגט אין גלין־גלאָן

און דעם לעצטן אַקאָרד, וואָס איך הער ?
אויב דו ווייסט נישט, דאַן ליבסטו נישט מער

1910

# פרי ־ פרילינג

ביים פענסטער שטייט אַ פּאַננע און פרייט זיך מיטן הימל
די ווינטער ־ תבואה גרינט שוין, ס׳שוואַנגערט שוין די ערד.
אַנטקייגן זיצט אַנאַלטער און שאָקלט זיך אין דרימל
און איך האָב זיך אליין גאָר טרוימעריש פאַרקלערט.

אין מיין וואַגאָן אין ענגן איז גאָרנישט שווער די ענגשאַפט,
ווען מיך און דיך און יענעם באַשטראַלט די זון און קוועלט
סוועט נישט זיין קיין זאָרגן, סוועט נישט זיין קיין בענקשאַפט,
סלויפט דער צוג מיט אימפּעט און גריסט זיך מיט דער וועלט.

סוועלן וואַקסן קאָרן געמישט מיט רויטע מאָגען
און רופן וועט דער זיידע, דער ליולעדיקער וואַלד.
און וואָס איך האָב פאַרגעסן, וועל איך זיך אַלץ דערמאָנען,
סלאָזט דאָך נישט דער פרילינג דאָס לעבן ווערן אַלט.

ביים ערשטן קלאַפּ פון דונער און שפּעטער נאָכן רעגן
וועט זיך דאָס פעלד באַשיטן מיט בלומען — פאַרבן פיל,
און מיך און דיך און יענעם וועט זון ־ שיין זיין אַנטקעגן
און בוים ווען געבן שאָטן, וואו אַ־צוורוען קיל.

די ערשטע שטראַלן רייצן איצט ווי אַ זיסער ריי
און ווי אַ גוטער אָנזאָג לויפט עס אונז פאַרביי.
די זון איז דאָך דאָס לעבן, די זון איז דאָך דער אמת
די זון וועט ווי משיח אונז מאַכן יונג און פריי.

1919

# פ ר י ל י נ ג

איך עפן מיינע אָרעמס ברייט, איך שטיי אינמיטן פעלד,
פון הינטן יאָגט די שטאָט מיר נאָך, פאָרויס — אַ פרייע וועלט.
אַ ווייסער פלעק, אַ שוואַרצער פלעק און ערגיץ איז שוין גרין,
און ערגיץ פליסט אַ וואַסערל — עס שלענגלט זיך אָן זין
ס'שוועבט איבערן דערפל ווייט, אַ טויבן קאַראַהאָד —
און ברענגען ברענגט עס מוטיקייט דעם מאַן, וואָס קומט פון שטאָט.

אין וואַלד איז אַזוי שרעקנדיק, דאָך ציט עס מיך אַהין.
אַ ביסל מאָך פאַרשימלטע, די סאָסנע — פריש און גרין.
איך רייס געשווינד אַ צווייגל אָפּ, די נאָדלען — דופט און זאַפט.
איך זויג פון זיי דאָס ביטערניש, ווי אַ פאַרכּישופט קראַפט.
איך שפרייז אויף פרישע זאַמד־בערגלעך — די נאָרעס פונעם קראָט —
און ברענגען ברענגט עס האָפענונג דעם מאַן, וואָס קומט פון שטאָט.

די זון האָט מיך אַרויסגענאַרט פון וואַלד צוריק אין פעלד
און ווידער פאַר מיר אויפגעדעקט די ווייטקייט פון דער וועלט...
איך גיי און איך דערוואַרט עפעס, ס'בלאָזט מיר אין געזיכט.
די וואַרימקייט פון ערד־אָטעם, ספּאַלן שטראָמען ליכט...
זיי גיסן זיך פון הימל־הויך מיט געטלעכער גענאָד
און זינגען וויל, און קניען וויל, דער מאַן, וואָס קומט פון שטאָט.

1912

## מײַן געזוכטער פרײַנט

אמאָל האָב איך געטראַכט, אַז זײַן װעט עס אַ פרוי
אַ פרוי, אַ גוטע,
אַ געטרײַע...
איך האָב זי נישט געקענט
און שוין אין איר געגלױבט,
געגלױבט װי אין אַ גאָט
אַנאָנימבאַקאַנטן...

די ערשטע האָט געליבט, װײַל איך בין אַ פּאָעט
די צװײטע האָט געמײנט,
אַז איך בין זײער רײַך
די דריטע מיט איר תּאװה האָט מײַן יוגנט
גיך פאַרבערענט,
די פערטע איז געװעזן...
נישט בעסער װי די דרײַ...

איצט בלאָנדזשע איך און סדום
אויף חורבות און אויף אַש...
איך גלױב שוין נישט אין גאָט,
איך זוך שוין נישט קײן פרײַנט.
אַ טאָרבע איז מײַן האַרץ... פאַרבלוטיקט און צעקנײטשט,
װאָס לעבן װאַרפט אַרײַן
דאָס נעמט די טאָרבע צו.

1923

# אין וואַגאָן

איינער. איינזאַם אין א ווינקל,
אין אַ ווינקל פון וואַגאָן.
איינגעבויגן, איינגעצויגן
זיץ איך, טראַכט איך און דערמאָן —
גוטע... שלעכטע ־ אימג רע־טע.
וואָס האָסטו מיט מיר געטאָן ?

איך דערמאָן דיך מיט א ברכה...
און די רעדער קלאַפּן צו,
זיי צעקלאַפּן מיר מיין שווייגן
און צעברעקלען מיר מיין רו..
איז דאָס מעגליך, וואָס אוממעגליך?
מיר שוין פרעמדע? איך און דו?

אַזא בייזער פייף, אַ אורטייל
רייסט זיך אין דער נאַכט אַריין,
אויפגעציטערט און פאַרביטערט
הער איך ־־־ צום ווי סט ־ וועלט איין:
שוין פאַר... און פאַרזיגלט.
וואָס געווען, וועט מער נישט זיין...
1923

# א שטיין וועט גיכער

א שטיין וועט גיכער איינזאַפּן מיין טרער,
איידער איר וועט וועט דערגרייכן מיין באַגער.
די נאַכט וועט שנעלער ענטפערן פאַר אייך
אין טעג וואָס זענען צו די נעכט מיר גלייך.

איך האָב אָפגעסמט מיין צונג מיט גאַל,
א גיפטיק פייל אייער כלל...
און א געדאַנק האָט מיר דאָס בּיין צעשטערט:
די קללה מיינע זענט איר אויך נישט ווערט.

1923

# דער קרייז ווערט קלענער

דער קרייז ווערט קלענער, דער קרייז ווערט קלענער,
ביז נאַכט וועט קיינער דאָ נישט זיין,
צעקרייען וועלן זיך די הענער
און ויסטן שווייגעניש אַריין.

אַ שאָרך, אַ טריט, אַ בליק, אַ פּנים,
אַ שטומער אַקסל רירט מיך אָן.
נישטאָ שוין קיינער: קיין פריינט, קיין שונאים,
קיין גלויבן נישט, קיין גאָט, קיין פאָן.

דער קרייז ווערט קלענער... איך וואַרף די אויגן
אויף רעכטס, אויף לינקס... עס איז געשען!
די לעצטע האַנט צוריקגעצויגן,
דעם לעצטן שמייכל נישט געזען...

## אויב דו פאַרשטייסט נישט

אויב דו קאָנסט מיט איין בליק נישט דערגרייכן,
וואָס עס טוט זיך מיט מיר?
ווי קאָנסטו פאַרלאַנגען אַ צייכן
פון ליבע צו דיר.

זאָל איך רעדן צו דיר? איבערצייגן?
און בעטן מיט ווערטער און בליק.
ווען דו לאָזט מיך אַוועקגיין אין שווייגן
און רופסט נישט צוריק...

1914

## אין שווייגן

אין אָפּגלאַנץ אַ נאָנטער באַשטראַלט הויך די צווייגן,
ס'גייט אויף די לבנה אַ בלאַסע, אַ קאַלטע,
מיר וועלן דאָ זיצן ביים גאָרטן און שווייגן,
אַזוי ווי צוויי איינזאַמע אַלטע.

דאָס איז פאַלט אַרונטער אַן בלאַט און אַן שמייכל,
די שטערן נישט זען דורך די צווייגן...
אומזיסט וועט ער זוכן דער ניכטערער שכל
אַ טרייסט אין דעם זינלאָזן שווייגן.

איך וועל אין דיין פּנים מיין טרויער דערקענען.
אַ קעלט וועט אונדז דורכנעמען ביידן
וואָס אָרט עס דער נאַכט און די שטערן וואָס ברענען,
די שטערן פון הייטן גן - עדן.

זיי וועלן אונדז לויכטן און פּלוצלינג דערמאָנען
אַ גליקלעכן חלום פון אויבן;
דאַכט מען אין הימל צוויי גאָלדענע טראָנען —
פאַר מיר און פאַר דיר... יאָ, צוויי גאָלדענע טראָנען...

מיר וועלן די שטערן נישט גלויבן.

19[illegible]

# אין יענער שעה

דער הימל שפּילט זיך איצט אין פאַרבן,
די זון ברענט טרויעריק און שיין.
אין יענער שעה, וואָס איך וועל שטאַרבן,
זאָל אויך די זון אַזוי פאַרגיין.

עס קלינגען שטיל די אָוונטגלאָקן
און רופן אונז צו רו און פריד.
אָ האַרץ, מיין האַרץ, נישט זיי צעשראָקן:
איך זינג נאָך נישט דאָס לעצטע ליד.

1919

# אַ גאַנצע נאַכט

אַ גאַנצע נאַכט האָט היינט דער ווינט
געיאָמערט און געקלאָגט,
און דורך דער נאַכט האָט ווער געזיפצט
און תהלים שטיל געזאָגט.

איך האָב געלייענט אַלטע בריוו,
געלייענט און פארברענט,
איך האָב מיט שרעק געזוכט אַ שטראַל
אויף מיינע פוסטע ווענט.

אומזיסט... אַ שטיקל שפיגלגלאָז
האָט בייז פון מיר געלאַכט
און שטום איז מיין געדאנק געווען
פון איינזאַמקייט און נאַכט.

1945

# מיין רוף

איך האָב בייטאָג מיין רוף געוואָרפן
אין לעבנסטאָל ;
און שפעט ביינאַכט האָט מ׳ר געענטפערט
אַ ווידערקול.

אַ קול פול טרייסט און אונטערגעבונג.
„דו האָסט פאַרשפילט!״
די נאַכט אַליין האָט מיר געענטפערט
און מיטגעפילט.

און וואָס איך האָב בייטאָג גערופן
און שטאָלץ געקרוינט...
האָב איך ביינאַכט עס אַלץ באַגראָבן
און שטום באוויינט.

1915

# זון פאַרגאַנג

דאָרטן ווייט אויפן פעלד בײַ דעם ברעג האָריזאָנט,
ווי דער הימל דערגרייכט צו דער ערד אַזוי נאָענט,

לעשט זיך לאַנגזאַם די זון, שטאַרבט אין פלאַמען און ברענט
און עמיצער הויבט צו די פלאַמען די הענט.

צי עס שרעקט אים די נאַכט, וואָס קומט־אָן, ליבער גאָט:
צי דער טאָג, וואָס פאַרגייט, איז אים איצטער אַ שאָד?

נאָר עס העלפט קיין געבעט, עס ווערט נאַכט אומעטום
און עמיצער וואנדערט אין חושך ארום...

1908

# אויפן העכסטן מויער

אויפן העכסטן מויער פון מיין שטאָט
איז ווער אַרויף
אויפן העכטן שפּיץ:
אַ שוואַרצער שלאַנקער גוף.

די זון פאַרגייט און וואַרפט
אַ פלאַם צו זיינע פיס.
ער כאַפּט דעם פלאַם אין זיינע הענט
דער שוואַרצער ריז...

ער כאַפּט און קנוילט דעם גרויסן פלאַם...
עס ווערט אַ פאָן.
אויפן העכסטן מויער פון מיין שטאָט
גאָר אויבן - אָן...

ס'וואַקסט דער מויער אין דער הויך.
ס'וואַקסט דער ריז.
מען וועט אים מאָרגען העכער זען —
געוויס...

1922

# דאָס וועט אריבער...

דער פויק, וואָס הילכט וועט אָפּהילכן,
מיט טומל און מיט פיבער.
דער פויק, וואָס הילכט וועט אָפּהילכן...
מיין פריינט, דאָס וועט אַריבער,

בויג אָפּ דעם קאָפּ, די אויערן
און נעם זיך שטאַרק גישט איבער;
דער גרעסטער שטורם שטורמט אָפּ
מיין פריינט, דאָס וועט אַריבער.

שוין אַלט די וועלט, נאָר ניי דער מענטש
דער לץ איז היינט דער גבור...
אויף לאַנג, אויף לאַנג נאָר הלואי —
מיין פריינט, דאָס וועט אַריבער.

דער אמת לויפט מיט טויזנט טריט
און פאַלט אין טויזנט גריבער.
די צייט באַגראָבט אויך זיך אַליין —
מיין פריינט דאָס וועט אַריבער...

1923

# ספקות

עס דריקן טויזנט ספקות:
מאַך פריי געשווינט די קייט!
ווייל רעטן קאָן פון טרויער
דיין ליבע, צו דער טויט.

איך לאָז אַראָפּ די אויגן
איך וואַרט מיין פסק... באַטראַכט!
און ווייס, פאַרשטיי מיין גורל:
מיין האַרץ איז ווי די נאַכט.

אָן האָפנונג, אָן גלויבן,
איך רוף דיך און באַשווער...
דו ווייסט... איך קאָן נישט גלויבן —
נישט דיר און נישט דיין טרער...

1916

# אפשר בין איך דער לעצטער

אפשר בין איך דער לעצטער, וואָס ליבט דיך פאַרבאָרגן.
איך ליב פון מיין קינדהייט דיין טונקעלע פראַכט.
פון דעם בלויען פאַרנאַכט ביז דעם בלייכן פרימאָרגן —
געהער איך צו דיר, מיין שטום־שוועבנדע נאַכט.

מענטשן לויפן פאַרביי... זאָל דיין פראַכט זיי נישט שטערן?
פאַרמאַטערטע קנעכט לויפן גיכער אַהיים.
און קיינער באַמערקט נישט די פאַלענדע שטערן,
דעם גאָלד, וואָס די נאַכט וואַרפט אַרונטער אין תהום.

און איך... אָך, ווי קורץ מיינע אָרעמס דערלאַנגען,
ווי ענג איז מיין האַרץ צו פאַרנעמען דיין פרייד.
דאָך וויל מיין נשמה אינגאַנצן דיך פאַנגען,

אינגאַנצן דיין רויקע גרויסקייט דערגרייכן,
נאָך איידער דיין טונקעלע שיינקייט פאַרגייט,
נאָך איידער עס לעשט זיך דיין געטלעכער צייכן.

1912

# עלדאָראַדאָ

פון עדג. פאָ

איבער באַרג, איבער פעלד
פאָרט א ריטער, אַ העלד,
פאָרט און זינגט זיך אַ שטאָלצע באַלאַדע.
עס איז דרייסט זיין געפיל׳
אים באַגייסטערט איין ציל —
צו געפינען דאָס לאַנד עלדאָראַדאָ.

נאָר פון וואַנדערן לאַנג
איז ער מיד שוין און קראַנק
און ער איז זיך מיט טרויער מתודה,
אומעטום שוין געווען,
נישט געהערט, נישט געזען,
נישט געפונען דאָס לאַנד עלדאָראַדאָ.

און אזוי נישט געבענטשט,
טרעפט אים אָן אַ געשפענסט
און פרעגט אים: „דו זוכסט וואָס אודאי?"
בעט דער ריטער מיט שרעק:
„אָ, באווייז מיר דער וועג,
ווייז מיר אָן, ווו דאָס לאַנד עלדאָראַדאָ?"

און עס ענטפערט דער קול:
„ווּ די זון פאַלט אין טאָל,
„ווּ די נאַכט האָט דעם טאָג נישט געלאַדן...
„גיי פאָרויס און פאָרויס,
„מייד דעם גיהנום נישט אויס,
„אויב דו בענקסט נאָך דאָס לאַנד עלדאָראַדאָ.

1915

## מײַן אינסטינקט

פֿאַרבליבן איז אין מיר
אַנאַכראָניסטישער אינסטינקט:
אַ האַרץ װאָס בענקט נאָך װאַלד...
װאָס צאַפּלט װילד און זינגט.

אין אײַנגעשמידטער שטאָט
פֿון אײַזן און בעטאָן
דערפֿרײט מיך װי אַ נס
אַ בלום אױף אַ באַלקאָן.

אַ בױם װאָס שטראַלט מיט גרינס
אין אָפּגעצױמטן סקװער,
דער פֿרישער רעגן - גאַס,
דעם דונער װאָס איך הער.

אַ טױב איבערן דאַך,
אַ יעדער פֿױגל רופֿט...
און שכּור מאַכט מײַן גוף
אַ ביסל װינטער לופֿט.

איך האָב נישט ליב דעם מאַן,
װאָס קוקט אין טעלעסקאָפּ...
מײַן שטערן װינקט צו מיר
און פֿאַלט אַלײן אַראָפּ.

איך האָב נישט ליב די שטאָט
מיט איר קוואַדראַטן פּלאַן...
אַ פערד דערפרייט אַמאָל,
ווען עס צעברעכט דעם שפּאַן.

מוזעומס האָב איך פיינט
מיט מומיעס און מיט טויט.
די זון איז אייביק יינג
אויף דאַן ווען זי פאַרגייט.

נאָר מענטשן האָב איך ליב
איך בענטש זיי און איך גלויב.
ס'פעלט מיר נאָר דערביי
די נעגל פון אַ לייב.

1917

## דער לעצטער אמת

איך וועל נעמען אַלע אַלטע, גוטע ווערטער
ווי פאַרשליסן אויף די ליפּן און פאַרזיגלען.
נישט דערציילן, נישט פאַרטרויען...
ווייל פון שווייגן וואַקסן פליגלען.
איך וועל נעמען אַלע אַלטע גוטע ווערטער
ווי די פרומע, מאַט־באַשטראַלטע פערל פון מיין באָבען
און אַ קבר, אין מיין אייגענער נשמה
פאַר דעם לעצטן אמת גראָבן׳

1917

# עלנט

נישט פון היינט און נישט פון נעכטן
גרויסער עלנט, דו ביזט דאָ.
וועסט מיין לעבן שוין פאַרקנעכטן
ביז דער לעצטער קאַלטער שעה.

שטרעק איך אויס די הענט צו וועמען
פאַלן זיי צו דיר אַריין.
און אין איינזאַמקייט פון קלעמען
טרינקען מיר איביינעם וויין.

דאָס האָסטו מיך אויסגעלערנט
אויפהייבן אַמאָל דעם קאָפּ,
ווען די נאַכט איז אויסגעשטערנט
ווען אַ גאָלד בליץ פאַלט אַראָפּ.

אין די וואַסערן זיך שפּיגלען
ביז די טיפעניש פון תּהום.
דאָס האָסטו געגעבן פליגלען
מיין נשמה און מיין טרוים.

אַנדערש וואָלט מען מיך צעטראָטן
ווי אַ ווערמל שוין לאַנג
גרויסער עלנט! קום אין שאָטן
היינט האָב איך פאַר דיר אַ דאַנק...

1919

# אַ שיף

דו פרעגסט וואָס איך וואָלט וועלן,
וואָס מיט מיין רויקייט זאָל שטימען?
אַ שיף,
וואָס זאָל אין ערגעץ זיך נישט שטעלן,
אַ שיף וואָס זאָל כסדר שווימען..

אוועקגיין פון דער וועלט דער קראַנקער,.
פון אַלץ וואָס האָט מיין גלויבן צוגענומען...
אַ שיף,
וואָס זאָל נישט וויסן פון קיין אַנקער,
אַ שיף, וואָס זאָל אַהער צוריק נישט קומען.

1924

## פּאַרקירעווע

די שטאָט איז מער נישט, ווי אַ שפּאַס
ביי גאָט און ביי דער וועלט.
פּאַרקירעווע צו יענער גאַס,
צום וועג וואָס פירט צום פעלד!..

די גרינע וועלדער קוקן שוואַרץ
פון ווייטן — נישט פון נאָנט.
פאָרויס! דער פרילינג האָט אַ האַרץ
פאַר דעם וואָס זוכט און מאָנט.

אַנטלויף פון טינטלער, פון דעם לץ,
וואָס שאַכערט מיט געזאַנג.
פאָרויס, אַריין אין בלומען-נעץ!
נעם פאַרב פאַר דיין געדאַנק...

נעם זאַלב פאַר ליד פון גאָטס גענאָד,
נעם ליד פון זון און קוויט,
און קום צוריק אַריין אין שטאָט
מיט פערציק פרילינגס-פרייד.

1923

# דער המן

וואַרף אים אַ קינדערישע פּילקע
שטעלט ער מיט פרייד אָן די הענט,
וואַרף אים אַ קאָפּ פון אַ מענטשן
הערט ער פון בלוט - דורשט פאַרברענט

הויב אויף די בייטש אויף זיין פּלייצע
קניט ער דער שרייאיקער ריז,
עפן די טיר פון דיין טעמפל
טרעט ער דיין גאָט מיט די פיס...

1923

## זון גוססעט

זון גוססעט איוף די ווענט, דאָס לעצטע פענסטער ברענט,
די גרעניץ מעקט זיך אָפּ צווישן טאָג און נאַכט.
כ׳ווייס נישט וואָס מיר איז? אַנ׳אומרו, א קאַפּריז...
אַ ווייטאָק, אַ פאַרלאַנג, אַ ציטער, אַ פאַרדאַכט.

מ׳יך ציט צו יענעם פלאָם... און אפשר גאָר צום ים,
מיך ציט פון דאַנען ווייט... אַ טורעם, צי אַ וואַלד?
כ׳ווייס נישט וואָס מיר איז, כ׳שלעפּ געשמידט די פיס...
וואָס זוך איך דאָ אומזיסט אין שטאָט פון שאַנד און גוואַלד?

איוף שטיינער פאַלט מיין בליק, אַ תפיסה, אַ פאַבריק —
און עמיץ זינגט דאָרט ווייט — אַ שיכור, צי אַ העלד?
איך ווייס נישט, וואָס מיר איז, איך פיל קוים, וואָס איך ויל...
די וועלט זאָל איבער נאַכט שוין זיין אַנדער וועלט..

1920

## אשעה נאָך נעילה

אַשעה נאָך נעילה וועל איך שטיין
פאַר דיר ביים עמוד, גאָט, אַליין...

ווי א פאַרזאָגטע יעשין־בלאַט
זוכסט שוץ ביי דיר מיין נע־ונד...

כ'בעט דיר אַלץ נישט מיט אמאָל
כ'שריי צו דיר נישט אויפן קול...

דו וועסט פאַרנעמען אין דער שטיל
מיין שווייגן און מיין פאָרגעפיל...

איינאיינציק וואָרט, איינאיינציק טרער:
דערנעענטערונג צו דיר... נישט מער.

1919

## ווי דאָס ליד פון אַ העלד

ווי דאָס ליד פון אַ העלד, ווי דאָס עלנט פון פעלד,
ווי דער הייליקסטער קלאַנג, ווי דער שענסטער געזאַנג.
ווי דער טראָפּן פון קוואַל דורכגעזאַלבט מיט אַ שטראַל —
איז פאַראַן טיף אין מיר אַזאַ בענקשאַפט צו דיר.

נישט דער ליידנשאַפטס-פלאַם, נישט דעם אייפערזוכטס-סם,
נישט די גאווה פון זיג, נישט די זאַטקייט פון גליק, —
אַ פאַרבאָרגענער ווײ, אַ פאַרשטיקטער געשריי...
אָט אַזאַ איז אין מיר פאַראַן בענקשאַפט צו דיר.

מיינע רויקע טריט, נעם, אייגאייגציקע, מיט!
מיין באַזיגטן פאַרלאַנג... און אַ דאַנק און אַ דאַנק...
נעם אַ ברכה דערפאַר, ווייל דו שענקסט אַזאַ צער...
האַרץ צעזינגט זיך אין מיר, אין אַ בענקשאַפט צו דיר.

1920

## דער גערטנער

נישט איינער וועט קומען דערנאָך אין זיין גאָרטן
אין יאָרן אַרום.
מיט שטילער ענטציקונג נישט איינעם וועט דאָרטן
דערפייען אַ בלום.
אַ בלום נאָך אַ בלום אויף פאַרלאָזענע צייטן
ביי דאָרן און שטיין...
נישט איינער וועט גיין און די בשורה פאַרשפרייטן
מען וועט נישט פאַרשטיין:
פאַרוואָס איז דער גערטנער געשאָלטן געוואָרן
פון יענער זייט פלויט...
ער האָט דאָך דעם גאָרטן געשענקט זיינע יאָרן,
געפלאַנצט און געפלאַנצט ביזן טויט.

1924

## אויף לייכטע פליגל

אויף לייכטע פליגלען קומט מיין טרויער
און פאלט אויף מיר, ווי שווערער בליי...
די יוגנט-טעג, וואס איך באדויער,
די שענסטע צייט איז שוין פארביי.

און מיט אן אומעטיקן שמייכל
בין איך זיך מודה מיין פארלוסט;
איך האב געבויט פאר גאט א היכל,
צום סוף איז ער געבליבן פוסט.

איך האב געוואלט די טעג פון לעבן
פארהייליקן מיט מיין געזאנג,
נאר נישט געבענטשט האט גאט מיין שטרעבן
און נישט געזאלבט איז מיין געדאנק.

דאך קום איך אפט און וועל נאך קומען
אין פוסטן טעמפל תפילה-טאן...
איך ברענג אהין-צו בלייכע בלומען
און צינד מיין קליינע ליכטל אן.

1915

## די ערד

די זעלבע באַגרינטע וואַנוואַזן,
דער זעלבער ווייט־זאַמדיקער טייך.
די אַלטע, די אַלע געשטאַלטן
וואָס איך האָב אין האַרצן באַהאַלטן —
איך האָב אייך קיינמאָל פאַרלאָזן
אין ווייטן אַוועקגיין פון אייך.

---

אין פיפצעטן האָבן גראַנאַטן
אַפּאָר צענטליקער הייזער צעשטערט...
איז וואָס? איז דריבער אַ טרויער!
דער הימעל דער זעלבער, אַ בלויער...
פאַרראַטן פון מענטשן, פאַרראַטן
בליט זי דאָך ווידער די ערד.

1919

# אין פארקלעמטע שעה־

קומען · אָן פאַרקלעמטע שעהן,
זינג איך, ווי עס לעבט און ליידט זיך,
דארף מען זיין דערצו אַ גאון,
צו דערציילן, ווי עס ליידט זיך?

כ'האָב מיין ברונעם — מיין נשמה.
טיף, צי פלאַכער—איר האָט גאָרנישט!
וואָל איך שטאָלץ זיין פון נקמה?
ניין, מען דאַרף נישט און מען טאָר נישט.

איך וועל זייען אויף די בייטן
מיינע בלומען, מיינע בשמים.
איר וועט קוקן דורך די פלייטן
און זיך קרימען ווי גולמים..

1915

## אונטערטעניקייט

ג'חיל שוין זיין אַנ'אַלטער מאַן, אַ גרויער זקן.
פון לעבן אויסגעפּרוווט, פון טויט נישט אָנגעשראָקן.
צום סוף דערגיין מיט רויקייט און שכל
און טומל פון דער וועלט באַגלייטן מיט אַ שמייכל.
מיט בליקן, וועלכע קוקן נישט אין נעכטן און אין מאָרגן,
נאָר עפּעס ליגט אין זיי אַ סוד פון אייביקייט פאַרבאָרגן.

כ'וויל שוין זיין אַנ,אַלטער מאַן, נישט ליידן און נישט ברענען.
אַלע ספקות פון דער וועלט נישט פילן און נישט קענען.
און זופנדיק דעם לעצטן כוס מיט זעליקער הכנעה,
אַראָפּלאָזן די ברעמען מיד... די ויידענע, די גרויע.

1916

## געוועז אַ מלחמה

די אויגן געעפנט, די אויגן פאַרמאַכט...
פון וואָס האָב איך איצט מיט אַ רגע געטראַכט?
געווען אַ מלחמה, געענדיקט דער שטרייט
דאָס פעלד איז צעאַקערט... מ׳זייט און מ׳שניידט.

אַ קניפּל פון שטעכיק פאַרזשאַווערטן דראָט,
אַדייטשער קבר; „פאַר קייזער און גאָט"
פון וואָס האָב איך איצט מיט אַ רגע געקלערט?
נישט בלוט־רויט, נאָר גרין איז געבליבן די ערד.

געווען אַמלחמה... וואָס גייט עס מיר אָן?
בּוּרשטינענע פעלדער פאַררויטלט מיט מאָן,
אַ שמעטערלינג ווייסלט זיך, פלאַטערט אין גראָז.
דער בוים לעבן מיר איז צעהאַקט פון אַ שאָס.

פאַרגעסענע בילדער פאַרגעסט זיך אויפ׳סניי
דער גאָרנישט — דאָס ווינטל באַפליגלט מיין בלײ
און טראָגט עס אַוועק אין דער לענג, אין דער ברייט,
אין בלויקייט, אין טויקייט, אין שטויב פון אַ קווייט.

צעלייג איך די הענט אויף דער ערד, ווי אַ קרייץ
און דרימלענדיק האָרך איך אַ שאָרך אין דעם ווייץ.
אַ פייגעלע זינגט דאָרט... דוכט זיך מיר אויס:
דאָס איז מיין נשמה זיך שפּילן אַרויס...

1920

## צום קריטיקער

איך וואַנדער אין אייביקן פרעגן,
איך ווייס נישט אַליין וואָס איך זוך.
דו פאַרשסט ווי אַ הונט מיינע אויגן
מיין תפילה, מיין ברכה, מיין פלוך...
דו טראָגסט אין די ציינער מיין בוך.

איך זוך מיינע פאַרבי ע טרוימען
אין רו און אין שטורמישן ווינט.
איך האָב מיין באַפליגלטן טרויער,
מיין צער און מיין גאָט און מיין זינד —
און דו האָסט... אַ טינטער מיט טינט.

1919

## צ י ג י י נ ע ר י ש

פון הימל אָפגעריסן ווי די מעטעאַרן,
מיר זענען עלנט אויף דער ערד,
פאַרגעסן און פאַרלוירן...
מיר ציגיינער, אין די גרויסע שטעט.
נישטאָ קיין ווינקעלע פאַר אונזער זיכער
אונז איז טויט דאָס לעבן פון די ביכער,
אונז איז פרעמד די שיינקייט אונטער שמינקע,
די קאָמיִדיע, די קאַטערינקע
פון אמת - זוכעריי.
מיר, ציגיינער, מיר גייען דאָ צו גרונט.
מיר ציגיינער, מיר וואַרטן אויף אַ בונט,
עס וועט אַ צייט פאַרביי
עס וועט אַ טאָג אַ ווילדער קומען,
און יעדערער פון אונז וועט אָנזאָטלען אַ פערד
מיט אַנאויסגעקרומטן שווערד,
יעדערער פון אונז
מיט אַ געלאָקטן קאָפּ...
האָפּ! האָפּ!
איבער צוימען, איבער לעבנס, איבער קעפּ...
צום סטעפּ!

1921

## צום שטאָטישן

עס שיינט די זון — דער טייוול זאָל דיך נעמען!
וואָס קנייטשסטו אַזוי ביין די ברעמען?
עס פּאַטשט אין פּנים דיר דער שטראַל,
עס שיינט די זון און וויל דיך גלעטען
און דו ווילסט אַלעמען צעטרעטן
און דו ביזט פול מיט גאַל.

באַלויכטען איז אַ יעדער מויער,
און פעלד אקערט שוין פאַר דיר דער פּויער,
באַגינען טויט פאַר דיר די ערד.
באַלויכטן זענען גאַס און געסלעך
און דו אַליין ביזט קאַלט און העסלעך —
דיין בליק דערהרג׳ט ווי אַ שווערד.

וואָס ביזטו אַזוי אָנגעצונדן?
דער שכן נעמט צו דיינע קונדן
די קרעמערס קרעמערן אָן רו.
מען רייבט מיט וואָג און מיט אַרשינען
און דו... דו קאָנסט עס נישט פאַרגינען
וואָלסט וועלן איינע־ זיין... נאָר דו!

די אַלע מויערן און שילדן —
דו שאַצסט עס אָפּ... מיליאַרדן גילדן,
די אַלע פרעס־הייזער אין שטאָט.
די אויגן קריכן דיר אַרויס.

די בלינדע גרויע קעלער - מויז,
מי ווייט דו ביזט פון זון און גאָט...

איך וואָלט אין קעלער אָנגעשאָטן:
גאָלד און זילבער און באַקנאָטן
א גאַנצן באַרג פאַר דיר...
ליג און שפּיל זיך, ווער דערוואָרגן —
נישטאָ פאַר דיר קיין זון, קיין מאָרגן...
פאַרקלאַפּט אויף אייביק איז די טיר.

1921

# אַלע תאוות איינגעשלאָפן

אַלע תאוות איינגעשלאָפן,
האַרץ און הימל זענען אָפן...
גאָט, באַשעפער! ברענג נחמה
פאַר מיין זינדיקער נשמה.

דו ביזט מוחל זינד פאַר ליידן —
וועסטו מיך דאָך אויך נישט מיידן...
ברענג נחמה, ברענג נחמה
פאַר מיין זינדיקער נשמה.

אויב די וועסט מיך ווידער שטראָפן
וועל איך אַלץ צו דיר נאָך האָפן...
ברענג נחמה, ברענג נחמה
פאַר מיין זינדיקער נשמה.

1916

## געזעגנונג

ביים ים וועל איך דיך דאָ באַשווערן,
ביים לעצטן פורפור - פלאַם,
ביים ערשטן בליק פון אָונטשטערן,
וואָס פאַלט, ווי אונזער בליק, אין ים.
אין טעג פון זון, אין טעג אָן הימל
אין צער און אין הומאָר,
אין מאי, אין הערבסט ביים לעצטן בלימל, —
פאַרגעס נישט אונזער שיינע יאָר.
איין רגע מאָר נישט זיין בגילוי־דיקט
פון אונזער טאָג און נאַכט.
אַ גאָרטן האָב איך אויסגעגלייַדיקט
און אַלע בלומען דיר געבראַכט.
ווער וועט דיר שפּעטער ברענגען בלומען
און מונטערן דיין בליק?
איך וויל, אַז קיינער זאָל נישט קומען
אויף דעם בית - עולם פון מיין גליק.
עס שפּילט דער ים אָן רויש, אָן צאָרן,
די נאַכט איז שטיל און קלאָר,
אין אַלע טעג, אין אַלע יאָרן —
פאַרגעס נישט אונזער שיינעם יאָר...

1918

## צוואַנציק יאָר...

איך בין היינט אַ יונגער גענעראַל,
אַ קלייניקייט — אַזויפיל רייץ!
כ'האָב צוואַנציק יאָר געטרונקען גאַל
און איצט באַקום איך שוין אַ קרייץ.

אַ קלייניקייט — אַ יידישער פּאָעט!
די לאָרבער-קרענץ פאַר צוואַנציק יאָר...
נישט דאָ געדאַכט, נישט אויסגערעדט...
מיין טעמפּער, האַלב געשמדטער דור...

אַ דיכטער רעדט אַ מאָל צו גאָט,
אַ דיכטער רופט אַ מאָל צום ים...
אַ דיכטער איז אַליין אַ סוד,
אַליין אַ חלום און אַ פלאַם.

און זינגען מוז מען אין אַ שטייג
און בלומען פלאַנצן אויף אַ שטיין...
ווען איך באַזינג, וואָס איך פאַרשווייג!
ווען איך דערצייל, וואָס איך באַוויין!..

1923

# זאָל דיר אָפּהיטן גאָט

זאָלסט מיר לאַנג זיין געזונט, זאָל דיך אָפּהיטן גאָט
פאַר דיין קומען געהיים, פאַר אַוועקגיין בסוד.
האָסט מיר זיכער געמאַכט מיין נישט זיכערע בריק
מיט די עטלעכע שעה פון געגנבעטן גליק.

פון די עטלעכע שעה, פון דער הייִנטיקער נאַכט,
פון דיין קוש, וואָס דו האָסט ווי אַן אוצר געבראַכט
וועל איך שמידן מיין דאַנק, מיין פאַרלאַנג און געזאַנג,
נאָך דיין יעטוועדער טריט וועט דיר נאָכגיין מיין דאַנק.

וויפיל זענען מיר, דריי: איך, דו און די נאַכט...
מיר איינער אין צווייטן פאַרשלאָסן, פאַרמאַכט.
וויפיל זענען מיר, דריי: איך, דו און דער סוד —
זאָלסט מיר לאַנג זיין געזונט, זאָל דיך אָפּהיטן גאָט...

192[illegible]

# אויף בלוטיקן פאַרמעט

אויף בלוטיקן פּאַרמעט האָב איך דיך פאַרשריבן:
דיין נאָמען, דיין שמייכל, דיין פאַלש און דיין ליבן ..
אין טעג, ווען מיין הארץ האָט געשטיקט זיך פון צאָרן
ביז היינט, ווען איך בין צו אַלץ רויק געוואָרן.

און דער וואָס איז רויק, דער זעט שוין פיל בעסער
דער דאַרף נישט קיין קללה, דער דאַרף נישט קיין מעסער:
קיין טראָפּן פון שנאה צו דיר נישט, קיין טראָפּן —
דיין בילד וועט שוין הענגען מיר אייביק צוקאָפּנס.

דאָס גוטע אין דיר וועט דער וואַנדערער בענטשן,
דאָס שלעכטע אין דיר איז דער גאָב פון די מענטשן...
אין זייערע זומפּן מיט גיפטיקע גראָבן
בין איך נישט געגאַנגען און דיך נישט געלאָזן.

איך בין נישט קיין קמצן און בין נישט קיין פּזרן אין לעבן:
איך לעב נאָך מיט דעם, וואָס דו האָסט מיר געגעבן —
געדענקזשע! דער איינער, וואָס חבר'ט מיט שווייגן,
וועט בענטשן דעם טאָג, ווען דיין מזל וועט שטייגן.

1923

## שיכּור - ניכטער

א ליגן! איך האָב נישט געטרונקען
ווי קום איך צו וויין?
די פּיס אפשר שאָקלען זיך מיינע,
דער קאָפּ וועט שוין שיכּור נישט זיין.

א וועלטעלע האָט איר און לאָזט מיך!
ב׳גיי מיין זיגזאַגן - שפּאַציר...
פאַרשטעלט מיר דעם וועג נישט, כ׳בעט איין,
צערייצט נישט דאָס שווייגן אין מיר.

כ׳האָב טויזנטער שטערן געפאַנגען
און טויזנטער שטערן צעטראָטן
און אייערע גרויע קוואַדראַטן
צעפּערטל איך זיך מיט מיין שאָטן.

א ליגן! איך האָב נישט געטרונקען...
וואָס זוכט איר אין מיינע גרימאַסן?
וואָס זוכט איר? וואָס ווייסט איר? וואָס זעט איר?
ווען עס שאָקלען בײנאַכט זיך די גאַסן...

1922

# אייך אויף צו להכעיס

איך אייערע פריצישע גאסן בין איך היינט געגאנגען,
אייך אויף להכעיס.
פון אייערע גערטנער א בלימל צום לאץ צוגעשפילעט—
אייך אויף להכעיס.

דעם „דזשיאד" ביי דעם גאטישן קלויסטער האב איך א נדבה געגעבן,
אייך אויף להכעיס.
צו אייערע „פאננעס" געשמייכלט און א שמייכל באקומען
אייך אויף להכעיס.

די זון האט מיר פריילעך געלויכטן אויף אייערע גאסן—
אייך אויף להכעיס.
די זון האט מיר אייערע שטעכיקע אויגן געמילדערט—
אייך אויף להכעיס.

איך האב נישט קיין האס און קיין שנאה צו קיינעם,
אייך אויף להכעיס.
די זון וועט אונז אלעמען לערנען ווי לעבן און ליבן,
אייך אויף להכעיס...

1923

## צו די קעמפער

קלינגען וועט אויף אַלע וועגן
אייער מעכטיקער גלין - גלאָן.
קומען וועל איך אייך אַנטקייגן
מיט מיין רעגנבויגן - פאָן.

אַלע פאַרבן, אַלע קלאַנגען
אַלע גרענעצן איין לאַנד...
איך בין נישט אַוועקגעגאַנגען,
נישט געכאַפּט צוריק מיין האַנט.

אין די שווער - פאַרשקלאַפטע שעהן
שעלט איר אָפטמאָל, וואָס איך בענטש
איך וויל שטענדיק אייך פאַרטרויען,
אַז דאָס שענסטע איז דער מענטש.

יעדער קאַרק, וואָס איז געבויגן
טראָגט מיט מיר אין שווערן לאַסט
יעדע פּאָר פאַרקלעמטע אויגן
איז מיט מיר מיט בלוט פאַר'קנסט.

1923

צוליב ליבע מעג מען האסן...
האס איך שטענדיק, אלץ וואס פלאך...
אויב איר קומט נאר און גרימאסן
האבן מיר די זעלבע שפראך...

איך האב שטענדיק איין כונה;
איר זאלט פילן וואס איך ווייס...
אייביק וועל איך אייך דערמאנען,
אז די וועלט איז ווייט און גרויס.

פליגל, פליגל מוז מען האבן
ווייל אן פליגל ווערט מען אלט...
אויב מען דארף א קבר גראבן
גראבט עס פאר דער גרויקייט באלד,

איר וועט טראגן רויטע פאנען,
איר וועט צוגרייטן די שווערד..
איך וועל שטענדיק אייך דערמאנען
אז אין פרילינג גרינט די ערד.

# ווערטער זענען איבעריק

איך האָב דערזען דעם לעצטן טרייסט אין שווייגן
גיי איך ביי דער וואַנט, מיין שאָטן פאַלט אויף שטיין,
אַ קעלט שלאָגט אָפּ פון גרויען שטיין
אויף מיר, אויף יעדן גליד און אויך אויף מיין נשמה
פאַלט אַ קעלט.

פון יעדן מענטש און פון דער גאַנצער וועלט...
און איך זע דעם טאָג, דעם נאָענטן טאָג
דער בייזער ווינט
וועט אָפּדעקן פאַר מיר אַ טויטן וואַלד
איך וועל אויסשטרעקן צום לעצטן מאָל די האַנט
צום טויט וואָס קומט פון זיך אַליין, כ'וועל גיין
שוין טויטערהייט, געאָרעמט מיטן טויט...
דער ווינט וועט זאַלבן טריי מיט פראָסט,
דער ווינט וועט איינקייטלען מיט אייז
דעם טויטן זאַלבעצווייט...

שוין איצט ווען האַרץ איז נאָך מיט ברען-בלוט
ווען אויג זאַפּט פאַרבן איין און ליכט,
ווען קאָפּ געשפּענסטערט נאָך מיט פרייגט...
שוין איצט האָב איך דערפילט אַז ווערטער זענען איבעריק

1923

# גאָרנישט

ס'פאַרשליסט זיך אַ האַרץ, אַליין פון זיך, ס'ווערט פאַרשלאָסן.
קיין פרילינג נישטאָ, קיין פריינט, קיין פרייד.
שוואַרץ - געדיכטע שטאָרן דעקן צו אַ וועלט.
אַ וועלט — אַ נאַכט, ס'האָט נישט קיין פאַרלאַנג —
עס פאַרשליסט זיך אַ האַרץ.

אַ וווּנדער דאָך: דער מענטש וואָס טראָגט אין זיך דאָס צוגעמאַכטע האַרץ־
דער מענטש, דער שאָטן - מעטש שפּרייזט מיט טריט ווי אַלע מענטשן,
און רעדט און לאַכט, ווי אַלע מענטשן לאַכן...
דער מענטש, ער האָט זיך שוין נישט מער.
ער ליגט באַגראָבן אין זיין האַרץ.

די אויגן יינע דרינגען טיף אין קעלער פון זיין האַרץ...
אַנאָדלער - פליגל צאַפּלט דאָרט פאַרשליידערט, צאַפּלט קוים.
מענטש! דו שאָטן - מענטש דו האָסט דאָך פיס, צעטרעט
צעטרעט געשווינד דעם ווי'סטן סימבאָל פון דיין טויט.

ס'פאַרשליסט א האַרץ, אַליין פון זיך, ס'ווערט פאַרשלאָסן.
פאַר לעבן, פאַר האָפנונג און פרייד.
שוין גאָרנישטאָ, נאָר גאָרנישט פייניקט לאַנגזאַם, ווי א סם...
ווי אַ טעמפּער שווערד, וואָס קאָן נישט דורכשטעכן
דאָס צוגעמאַכטע האַרץ.

1923

# אַ שטוב

אפשר ווייסטו אַ שטוב, אַ פּשוטע מענטשן - משפּחה
אַ גוטן „גוטמאָרגן” צו זאָגן, אַ ליבן „גוטנאָוונט” צו הערן...
אפשר ווייסטו אַ שטוב
מיט אַן אָפענער טיר?

עס גייט אַזאַ לאַנגער פאַרחלשטער ווינטער,
דער זייגער קריכט לאַנגזאַם, האַלב פיר איז שוין פינסטער
אפשר ווייסטו אַ שטוב,
ווו מען קאַרגט נישט קיין ליכט?

אַ שטוב מיט אַביסל געשמאַק און נשמה,
ווו דאָס גרויע פון לעבן באַהאַלט זיך...
אין אַ בליק פון אַ פרוי
אין אַ וואָרט פון אַ פרוי.

ס'הענגט דאָרט אַ בילד איז דאָס בילד אויפן אָרט,
ס'שפּילט דאָרט קלאַוויר, איז דאָס אַלץ אין דער צייט.
אפשר ווייסטו אַ שטוב,
ווו מען רעדט נישט פון קונסט...

די צו-קלוגע לייט האָבן דערעסן צו שטאַרק
און אין שענק איז קיין אמתער שיכור נישטאָ...
אפשר ווייסטו אַ שטוב
מיט אַן אָפענער טיר?

1924

# איינזאַמקייט

בײַ מיר אין שטוב איז דאָ אַ שלאַנג,
בײַ מיר אין האַרץ, בײַ מיר אין בעט..
פאַרבאָרגן ווי דער טויט — געדאַנק
און פלינק באַוועגלעך ווי אַ שד.

דער מאַרך ווערט פּלוצלינג אָפּגעקילט..
ווער זייגט מײַן מוט און מײַן פאַרשטאַנד?
מײַן תּליון האָב איך נאָענט דערפילט..
זײַן אָטעם אָטעמט פון דער וואַנט..

איך זוך אין איילעניש איך זוך
אין יעדעס ווינקל פון מײַן היים,
אין אַלטע בריוו, אין אַלטן בוך...
ווער גנבעט זיך צו מיר געהיים?

דער שטערן מײַנער ווערט מיר פײַכט,
די האָר באַנעצט מיט אימה—שווייס...
און עמעץ שיפּעט דאָ און קײַכט —
בײַ מיר אין שטוב... אַ שלאַנג, איך ווייס..

1922

## מייַ ציטער פאַר דיר

אין האָב נאָך אַ ציטער פאַר דיר אין מיין בלוט,
אַ זיידענעם פאָדעם וואָס בינדט די מינוט
פון אונזער צוזאַמען און אונזער צעשייד...
די מעגסט ווי אַ זונה היינט חוצפּהדיק זיין,
די מעגסט, ווי אַ נאָנע אין טעמפּל אריין —
פאר מיר ביזטו שיין.
פאַר מיר ביזטו סם ביזן טויט...

192[illegible]

# מײַן האָרץ

איך האָב פֿון ברוסט מײַן האַרץ אַרויסגעריסן...
מײַן אייגן האַרץ האָב איך געטראָטן און געביסן:
גיב זיך אונטער, האַרץ!
גיב זיך אונטער...

דער וועג איז וויסט, קיין פֿרײַנט נישטאָ קיין איינער,
איך האָב מײַן האַרץ באַגראָבן אונטער שטיינער.
ס'שרײַט פֿון גרוב מײַן האַרץ —
ס'שרײַט פֿון גרוב...

# פון אַלע שטימען

פון אַלע הויך • שרייענדע שטימען
באַזיגט מיך די שטימע פון האַרץ...
איך קאָן זיך, מיין שוועסטער, נישט קרימען.

ס'העלפט נישט די פאַרב אויפן פנים:
דער צער אין די אויגן פאַרבלייבט —
פאַר זיך און פאַר פריינט און פאַר שונאים

איך קאָן נישט גענאַרן, מיין שוועסטער!
איך לייד און בענטש גאָט אין פאַרצווייפלונג,
אַפילו אויך דאן, ווען איך לעסטער.

איך גיי מיר פאַרביי די זשאָנגלערן
א מאָל מיט אַ שפאַס, מיט אַ שמייכל,
א מאָל מיט פאַרבאָרגענע טרערן...
1919

## גיב א זוך!

אפשר וואַלגערט ערגעץ זיך בײַ דיר מײַן הארץ?
צווישן בריוו און בריוולעך פון אַ צווייטן,
צווישן דײַנע קליידלעך, היטלעך, שיכלעך, ביכלעך..
צווישן דײַנע פיל קאָלירטע רעקלעך - זעקלעך,
אפשר גאָר אין דײַנס אַ פוסטער באָמבאָניערקע,
צי אין קאָטיעס אַ ליידיקן פלאַקאָן?
צווישן אַלע אַלט-פאַרוועלקטע בלומען..
אפשר האָסטו דורך אַ טעות מיטגענומען,
מיטגענומען צופעליק מײַן הארץ...
גיב א זוך!..

1923

## איך האָב געגלויבט

איך האָב געגלויבט דיין שיינעם ליגן
דו האָסט פאַרבלענדט און האָסט גענאַרט,
איך האָב דיר זינד אַ סך פאַרשוויגן
און נייע זינד פון דיר געוואַרט.

אַ שמעטערלינג איז שווער צו שטראָפן,
אַ פייגעלע איז פריי פון שולד...
דאָך פריי זיך, וואָס דו ביזט אַנטלאָפן
און דאַנק נישט מיר... נאָר מיין געדולד.

1920

# דיין שקר

איך האָב זיך פאַרליבט אין דיין שקר
עס האָט מיך פאַרבלענדט דיין בליק...
אין זיידענע פעדים פאַרפּלאָנטע־ט —
זיי האַלטן מיך פעסטער ווי שטריק.

מיין ספק צעשווימט אין דיין שמייכל,
מיין ליידן ווערט אויס אין דיין חן...
דו נאַרסט מיך... איך פיל, אַז דאָס נאַרסט מיך
דער לוסטיקער אמת אַליין.

דיין שיינקייט באַגנעדיקט דיך שטענדיק
און מוחל בין איך דיין קאַפּריז:
אַ קוש און אַ ליגן צוזאַמען —
איך נעם עס אַזוי, ווי עס איז...

1920

# שוין נישט פאַר אונז

עס וואַקסן אונטער שיינע מיידלעך
שוין נישט פאַר אונז... אַך, גאָט!
אַ שאָד די אייגעלעך די קלאַרע,
די ליפּעלעך אַ שאָד.

זיי וועלן ווען דאָך צייטיק ווערן —
שוין נ שט פאַר אונז... אַ שרעק.
די זאָרג וועט אונז פאַרעלטערן
ביז יענע ווײַלע טעג.

1915

# נו, קום אַהער...

נו, קום אַהער... דערלאַנג צו מיר אַ שמייכל
און קלויב אַליין זיך אויס אַ שטראָף;
פאַרטרייבן דיך? דאָס הייסט דער קאַלטער שכל,
נאָר טיף אין האַרצן בין איך דיר מוחל..
נו, קום אַהער... נישט ווייַן... אַ סוף!

אַ נס... געזינדיקט שטאַרק און ראָך פאַרבליבן,
ווי פריער שיין, ביז אומשולד שיין...
צי טאָר מען שוין אַ זינדיקע נישט ליבן?
און גאָט, צי האָט ער דיינע זינד פאַרטריבן?
און איך? צי קאָן איך עס פאַרשטיין?..

אין האַרצן לויכטן העל די בליקן דיינע,
ס'איז יום-טובדיק ביי מיר אויפסניי.
פאַר נעכטן האָב איך נישט צו דיר קיין טענה,
פון מאָרגן טראַכטן? איצטער ביזטו מיינע,
און איצטער ביזטו שיין און טריי.

1916

## איז יאָ געווען?

איז יאָ געווען בײַ מיר אַמאָל א גוטע רגע,
דאַן זוך איך עס מיט ליכט אין מיין זכרון,
אָ, קום-אַרויס, באַלייכט דעם וועג פון מיינע יאָרן —
דער יאוש גייט מיר אומעטום אַנטקעגן.

איך קלאָג זיך נישט פאַר גאָט און נישט פאַר לייטן.
איך זוך מיין וועג אויף טויזנט פרעמדע וועגן.
בײַ וועמען, נאַכט, בײַ וועמען פרעגן? —
עס זעט זיך נישט קיין פייערל פון ווייטן..

1913

# צו א־יינעם...

(לאַצקי־בערטאָלדין)

מיר זענען דאָן שוין טרייע פריינט געוועזן,
ווען איך האָט ווער צום ערשטן מאָל געגאַרט,
פון ערשטן בוך, וואָס איר האָט דורכגעלעזן,
פון ראַבינזאָנען ביזן בייראָן־צער.

דערנאָך האָט איר געליבט,
געבענטשט די פרוי, די נאַכט, די שטערן,
דערנאָך אין שענק אַליין פאַרבראַכט
און ווייַן געמישט מיט טרערן...

און דאָרט, ווו אַלע האָבן אַלץ שוין לאַנג געפונען,
האָט איר נאָך אַלץ געוואַנדערט און געזוכט,
און דאָרט, ווו אַלע פלעגן רויק זיין און בענטשן,
האָט איר נאָך אַלץ געשטורמט און געפלוכט.

איצט ווייסט איר, וואָס אונז פאַרבלייבט:
דער קאַלטער פעלז פון באַרג, דער רויש פון ים,
די רויקייט פון הימל און צום סוף דער פלאַם,
דער שיינער פלאַם פון זון־פאַרגאַנג...

1916

# אינטימעס

איך װאָלט זיך גאנץ גערן אַ טויב פּאָר אַ פריינט אויסגעקליבן
אַ שטיפעריש קערל, סוױלט זיך דאָך עמיצן ליבן,
אַ שעפּסעלע קויפן מיט װאָלענע קרויזן קלאָר - װייסע —
עס דערמאָנט אַזוי אָפט מיר מיין קינדהייט—רע״ מאַמעס אַ מעשה

זיך שאַפן אַ קליינעם פּאָנטאַן מיט אַ גאָלדענעם פישל,
אַ פּאָפּוגיי האַלטן אַ גרינעם ביי זיך אויפן טישל,
און הערן איינאײנציקע פראַזע: „ביזט נאַריש װי אַלע!״
און נאָכאַמאָל הערן פון גרינעם: „ביזט נאַריש װי אַלע!״

און אפשר אַ פייגעלע כאַפן, אַ פּיצעלע לעבן,
אַ װוּנדער — קאַליברי באַהאַלטן אין בוזים און חעבן
חלומות אָן װערטער,
חלומות אָן װערטער...

1915

## מיר איז אונעט׳ק

מיר איז אומעטיק ביז טרערן
איך געפין זיך נישט קיין אָרט.
וואָס וועט ווערן, וואָס וועט ווערן
מיט מיין נישט דערזאָגטן וואָרט?

מיט אזוי פיל יינגע צילן,
וואָס די יאָרן שלנגען איין,
מיט אזוי פיל גיטן ווילן
וואָס וועט ווערן, וואָס וועט זיין?

איך האָב דיר געוואָלט דערציילן.
דיר איז אויך דאָך נישט באוווסט
אַז עס ליגן הייסע קיילען,
הייסע קיילען אויף מיין ברוסט

נישט זיי ברענען זיך פונאנדער,
נישט זיי לעשן זיך ווען אויס.
אויף די וועגן וואָס איך וואנדער
קומסטו מער שוין נישט אַרויס.

1915

# מיטן ווינט

מיטן ווינט וועלן דורכגיין די יאָרן,
פון מיר און פון דיר וועט קיין סימן נישט בלייבן,
פון מיר און פון דיר , פון מיין שרייבן,
פון לידער, וואָס ווערן אין ליבע געבאָרן.

דאָס בלימל, וואָס איך האָב דיר איצטער געגעבן,
דער תהום פון מיין אומרו, וואָס לאָזט זיך נישט שטילן
דיין רייץ און דיין זאָרגלאָז, דיין גוטסקייט און שפּילן —

ווי דער טאָג האָט גערוישט און געהוליעט...
גיב אַ קוק וואָס פון טאָג איז געבליבן!
די נאַכט האָט אַ שטרוי דורכגעטריבן
און אונז צו דער וואַנט צוגעטוליעט.

1949

## אויב ערגיץ בענקט

אויב ערגיץ וואו בענקט אַ נשמה, ווי מיינע —
דאַן רוף איך צו איר.
מיין ציל איז א באַרג, אַ געפערליכער טורם —
זאָל זי קומען צו מיר.

ס'פאַלן די גאָלדענע שטערן, זיי פאַלן
ביינאַכט אַזוי פיל.
אויב עמיצער זוכט אין די טונקעלע טאָלן —
דאַן קרוינט אונז איין ציל.

אויב ערגיץ וואו שטרעבט אַ נשמה, ווי מיינע,
דאַן רוף איך צו איר...
מיין חלום איז ווייס, ווי דער שניי - ווייסער וואָלקן—
זאָל זי קומען צו מיר

1917

# אייביק אליין

שטענדיק, אייביק, אומעטום אליין...
מענטשן, פריינט און גוטע ברידער
שטורמדיקע צייטן, שטורמדיקע לידער
און איך בין אומעטום אליין.

אויסגעשפרייט די הענט צו אלע פאנען
צו אלע פארבן פון דער וועלט,
געבענטשט, די זון, געבענטשט דעם העלד
און אליין פאר זיך א רגע פרייד נישט צו דערמאנען

אליין, אליין אראפגעבייגט דער רוקן
די ארעמע אין הארץ—זיי זענען אזוי שטאלץ.
זיי בוקן זיך פאר שטיין, זיי בוקן זיך פאר האלץ
אז נאך א טריט... איך וועל פאר זיי זיך בוקן

אז מיינע הימלען ווערן בלייכער אלץ און גרויער
אז מיינע אפגרונטן ווערן אזוי טיף...
איך האב אמאל געגרייט צום קאמף מיט לוסטיקייט א שיף
און אנגעזאמלט א הארץ מיט טרויער.

1919

## פאַר װעמען

פאַר װעמען איז די גאַנצע װעלט? אױב נישט פאַר מיר?
די זון פאַר װעמען שײנט, די נאַכט פאַר װעמען שװײגט?
פאַר װעמען גרינט, פאַר װעמען בליט, אױב נישט פאַר מיר?
און דו... דו מעגסט מיך האָבן פײנט —
דו שמײכלסט אױך פאַר מיר

דאָס גרינגע װערמל, װאָס הילט זיך אײן אין גרינס פון בױם
דעם אָדלערס פלי, דער שפּרינג פון װילדן לײב —
אַלץ רײצט מײן האַרץ:

דער בליץ, דער ים דער שפּילער טױליענדיקער װאַלד,
און יעדער בױם אױפסנײ, און יעדער בלאַט אױפסנײ.

דײן כּעס, דײן בײזלע ער קאַפּריז, װי שלעכט דו ביזט!
דײן אױג, דײן יעדער בױג, װי שײן דו ביזט!
נאָר אַלץ פאַר מיר: דער פּײן פאַר מיר, דאָס גליק פאַר מיר —
װי װײט מײן בליק דערגרײכט,
װי טיף מײן האַרץ פאַרנעמט...

1919

# נאָר מיר

און אַלץ וועט זיין, וואָס איז געווען,
נאָר איך וועל מער די זון נישט זען.

די הידרע שלעכטס וועט רייטן פריי
פון לאַנד צו לאַנד, פון לאַנד צו לאַנד-
מיליאָנען קנעכט, אין קייט פון שאַנד,
באַגריסן זי און דינען טריי.

נאָר שטערן וועלן ברענען הויך...
פון יעדן קרבן בלייבט אַ רויך,
פון יעדן שטרייט אַ שיינע ליד,
און אָפּגעמעקטער לעבנסטריט...

פון וואָס איך טרוים? און וואָס איך גלויב?
דער ווינט, דער ווינט, דער צוקונפט-ווינט,
ער וועט אַרומטראָגן מיין שטויב...

1922

## מיין גלויבן...

איך וואָלט שוין נישט געגלויבט אין קיינעם,
איך האָב אזעלכע שלעכטע שכנים...
ווען נישט די בלויקייט איבער מיר,
ווען נישט דער הימל איבער מיר.

כ'וואָלט שוין לאנג דעם טייוול אָפּגעגעבן
דעם לעצט אנקער פון מיין לעבן...
ווען נישט דער קוואַל, וואָס שפּריצט
פון באַרג,
ווען נישט די הייכקייט פון דעם באַרג.

ווען נישט דער ערשטער גראָז פון פרילינג,
מיט דעם ווייסן שמעטערלינג פון פרילינג,
ווען נישט די פּאליע-שפּיל פון ים,
ווען נישט די טיפקייט פון דעם ים...

איך וואָלט שוין לאנג פאַרמאכט די אויגן,
ווען נישט דער העלער רעגנבויגן,
ווען נישט די שטערן-פאַל פון נאכט,
ווען נישט דער טאָג, וואָס קומט נאָך נאכט;

1923

## מאַמע־ערד

אין די אָדערן מיין בלוט —
רויט ווי דיינע רויזן, ערד!
זאַפט פון דיינע פרוכטן, ערד!
מאַמע־ערד.

מענטשן דאַרפן גליקלעך זיין
אויף דיין גרינעם רוקן, ערד.
מענטשן זינדיקן מיט שווערד...
מאַמע־ערד.

מענטשן צוימען זיך מיט פּלויט
און צעבּרעקלען וועלט און ערד,
בּלייבּסט דאָך אַלץ אַ גרויסע ערד.
מאַמע־ערד!

אַלע שמוצן נעמסטו צו;
הינט געפּגרטע און פערד...
בּלייבּסט דאָך אַלץ אַ ריינע ערד,
מאַמע־ערד...

1924

# אז אייך

מיט אייך אין די זומפּן
אין שטענדיקן שימלען...
וועל איך נישט פֿאַרגעסן
אַ בליק צו די הימלען.

מיט אייך אין פֿאַרבערענגען
אין פֿרייד און אין טאַנצן —
נאָר דאָרט, ווו מיין חלום —
איז אָן אייך אינגאַנצן.

די לידער אַפֿילו,
וואָס איך וועל אייך געבן,
דאָס לעבן נישט קאַרגן
אין קאַמף פֿאַרן לעבן.

פֿון אייערע טייגן
בין איך דאָך געקנאָטן, —
איך לעב און וועל לעבן,
ווי איר האָט געבאָטן.

נאָר דאָרט, ווו מיין חלום
באַהאַלט זיך אין שווייגן —
דאָרט וועט איר נישט קומען,
דאָרט וועט איר נישט שטייגן.

1922

## מענטשי האָבן ליב

עס האָבען מענטשן ליב
אַ גוטן פּרעס...
אַ חנופהלע,
אַנאויסגעטראַכטן נס.

עס האָבען מענטשן פיינט
אַ שטאָלצן קאָפּ...
זיי הייליקן עס דאן
ווען מען האקט עס אָפּ...

1925

## עס האָבן נישטיקע מענטשן

עס האָבן נישטיקע מענטשן
רכילות גערעדט און געשפּאָסט.
און איינער וואָס קאָן בלוטיק ליידן
האָט מאַכטלאָז געהאַסט.

איז דער איינער אַוועק פון די אַלע
אין אָפענעם פעלד זיך געשטעלט...
צעטראָטן זיין שלאַנגישן צאָרן
און דערגאַך זיך צעוויינט פאַר דער וועלט.

האָבן גראָזן זיך פריילעך צעשמייכלט
און גערופן דעם איינעם צו זיך...
האָבן שטיינער געזאַלבט זיך מיט שטראַלן
און גערופן דעם איינעם צו זיך...

1923

# איך האָב געזען

איך האָב געזען דעם גרעסטן יום טוב
און דעם גרעסטן טרויער,
דעם לעצטן פּאָן, וואָס האָט געפלאַטערט
אויף אַ טויטן מויער.

דעם שטראָם פון ים און גאַנג פון לעבן
און שטראָמען בלוט אויף ימען,
איך האָב געזען פיל געטער פאַלן
און גרויסע שטעט אין פלאַמען.

איך האָב געזען דעם פלאַנץ פון שלעכטס
פאַר קומענדיקע צייטן
און נישט געהאַט האָב איך קיין האַרץ
צו גלויבן אין די שטרייטן.

וואָס מער געטומלט האָט די וועלט,
אַלץ קנאַפּער האָט מיך דורכגענומען;
איך האָב געטראַכט, און טראַכט ביז הייַנט:
משיח וועט נישט קומען...

1922

## אין פלאַמען שטייט די וועלט

אין פלאַמען שטייט די וועלט
און וואָכעדיק איז היינט די ערעק פון טויט
וואָס דורות האָבן לאַנג געפּלאָנצט —
צעשטערט אין איין טאָג.

מיין פריינט! וואָס גייט מיר אָן דער טומל?
מענטשן - דורות! זיי פאַרגייען
ווי די שנייען.
וואָס גייט מיר אָן דאָס אַלץ, וואָס זיי צעשטערן
און אַלץ, וואָס שוואַכע הענט
באַנייען ווידער?
היינט איז זוניק
פרילינג קומט,
פריילעך קלאַפּט מיין האַרץ
און האָפט אויף בלומען,
גראָז וועט גרינען זאַפטיקער
דאָרט ווו וואַסער - שטראָמען לויפן...

און אפשר וועל איך זיך פאַרליבן?
און אפשר וועל איך שטאַרבן אויף די בלומען?

1922

## מייז לולקע

רויכער, לולקע, רויך געדיכט
און פערשלייער מיין געזיכט...
עס זאָל קיינער נישט פאַרשטיין,
צי איך לאַך היינט, צי איך וויין.

רויכער, לולקע, נעבל-איין
אין אַ דינעם נעץ מיין זיין.
זאָל דאָס בייזע פון דער וועלט
אַל-דאָס בייז זאָל זיין פאַרשטעלט!

רויכער, לולקע כישוף — רויך!
אין פאַרוויג מיך זיס און ווייך
אַליין זאָל נישט פאַרשטיין —
צי איך לאַך היינט, צי איך וויין.

1919

## אויסגערויכערט

ערגעץ האָב איך ווען געצילט,
בלויער רויך האָט מיך פאַרהילט...
שטיל און רויק, דרויסן נאַכט זיך —
אויסגערויכערט און פאַרטראַכט זיך.

יעדער טאָג ווערט פּלוצלינג שיין,
ווען עס נעמט די זון פאַרגיין,
ווען די לעצטע טיר פאַרמאַכט זיך —
אויסגערויכערט און פאַרטראַכט זיך.

וואָס איז מיר דאָס ביסל רויך?
צי דעם דאָזיינס גאַנצער תּוך?
אָך, לעבן לעב איך, ווי עס מאַכט זיך—
אויסגערויכערט און פאַרטראַכט זיך.

1919

# עס זוכט א גאָט...

עס זוכט אַ גאָט מיין תּפֿילה...
נישטאָ קיין גאָט... איך ווייר
אין זיין נישט זיין אַפֿילו
אין ער אַלמעכטיק גרויס.

עס זענען מיד די לענדן
פֿון ראַנגלען זיך אין תּהום...
מען מוז צו גאָט זיך ווענדן,
ווען אומעטום איז סדום...

ווען חניפֿה איז געוואָרן
דער וועגווייזער אויף דרערד —
אָ, בלומען אין דעם קאָרן
מיר זענען זיך באַשערט.

אָ, שטערן אין די הימלען!
פֿון אייך פֿאַר מיר איין שטראַל,
ווען אַלטע וועלדער דרימלען —
רוישט נאָנט אַ יונגער קוואַל...

מיך וועט נישט איבערצייגן
די פּראָזע און דער שפּאָט...
האָרך! אין דעם טיפֿסטן שווייגן
איז גאָט געבליבן גאָט...

1925

## מיין ביינערנע פלייצע

נישטאָ, נישטאָ רערצי קיין עצה
מיין האַרטע, מיין ביינערנע פלייצע...
זי שיז שוין אַזאַ!
קיינער קלאַפּט נישט אין איר מיט גערודער
מעשה גוט־ברודער...
מיין האַרטע, מיין ביינערנע פלייצע —
זי איז שוין אַזאַ...
מען קאָן נאָך צעקלאַפּן די הענט.

און אַלע מיינע יאָרן
בין איך קיינמאָל נישט געוואָרן
מיט מענטשן אַן אייגענער מענטש.
עפּעס שטענדיק אַ ווענטל,
עפּעס פעלט אַ פּראָצענטל
און אפשר... צופיל מענטש.

אָבער מיינע אָרעמס פאַרלאַנגען,
ווי אונטערגעשניטענע זאַנגען...
ביי יעדער באַגעגעניש,
ביי יעדער געזעגעניש...

1925

# מיד בין איך

מיד בין איך.. און מיר איז גוט
אין מיין מידן האַלבן טריט.
עס פּטר'ט אָפּ אין איין מינוט
אַלע ספקות, זאָרג און לייד.

נאָר דאָס לעבן גיט אַ שטויס
און דער שטויס טוט זייער ווייּ..,
הויב איך אויף זיך מיד און בייז
ווייס איך, וווּ און ווען איך גיי.

האַלב פאַרחלומט, האַלב אין זאָרג,
קיינמאָל נישט איגאַנצן וואַך.
און מיר דאַכט זיך, אַז איך באָרג
ביי די מענטשן מוט און שפּראַך.

כ'שפּרינג ארויס פון נע - ונד
און איך ראַנגל זיך מיט די,
וועלכע זענען מיד אין פּ־ט
פרעמד און גלייכגילטיק סיי ווי...

925

# אין וועג

וואַגאָנען, האָטעלן
און ווידער געפאָרן...
וועמען זשע זוך איך
און וועמען פערלאָרן;

די באַנען צערייסן
די לײדיקע מײלן...
די באַנען צעטרייסלען
די זוניקע זײלן...

1925

# אין קאפע

אין קאפע אויף א טישל ליגט די וועלט,
ווי א נאקעטע פרוי
און יעדער איינער שמוצט, ווי אים געפעלט
און חשבונט נענוי:

אידעען; צו וואס באדארף מען אידעען;
פאר מיר לעבט אנ'אידעע איין שעה...
פאר מענטשן; און זייערע ווייען-געשרייען
איז מער ווי דער מאגן נישטא.

ליבע צום צווייטן;
דאס האבן שוואכע אויסגעקלערט —
מען זאל זיי נישט טויטן,
ווי ווערעם אויף דרערד...

געהיטן; א קלאג - ליד, א קרעכץ...
די וועלט וועט שוין בעסער נישט זיין:
עס לעבט און זאל לעבן דאס שלעכטס...
סעלגער! א גלעזעלע וויין!

192[illegible]

# היינט זעען מיר גאָט

היינט זעען מיר גאָט אין דער וואָכעדיקייט
און מאָרגן איז וואָכעדיק גאָט...
דער עיקר איז טראָגן די פּלייצעס
און שוועבן אין וועלט - קאַראַהאָד,

היינט זענען מיר גרויס מיט נשמה
און מאָרגן, ווי מילבעלעך קליין.
דער עיקר איז זוכן די שיינקייט
און לעבן אַביסעלע שיין.

אפילו אין זינד און פאַרברעכן
זיך אויפהויבן העכער פון זיך.
דער עיקר איז פילן דאָס לעבן
און לעבן זאָל פילן דיין „איך...“

1925

## כ'וועל אויפשטייז באגינען

כ'וועל אויפשטיין באגינען
אין לויטערן פרי.
כ'וועל גיין אין די גראזן
אין טוי ביז די קני.

ווי א הירש וועל איך שמעקן
די ניכטערע לופט
און קוקן און האָרכן
מען יאָגט, צו מען רופט?

מען וועט שוין נישט הערן,
נישט זען מער די שטאָט...
ווען איך וועל זיך גריסן
מיט הימל און גאָט...

1919

# ווען דו וואָלסט

ווען דו לייענסט מיינע אויגן,
וואָלסטו מיין האַרץ געזען —
ווען דו וואָלסט מיין האַרץ געזען,
וואָלסטו מיין פרייד געווען.

ווען דו וואָלסט מיין פרייד געווען
אין עלענדן פאַרנאַכט...
וואָלט איך דיר אַ באַרויקטער
מיין מידן קאָפּ געבראַכט...

1919

# ר כ י ל ו ת

רכילות, ווי קלעפּיקע שלאַנגען
פאַרוויקלען מיין האַרץ.
די זון איז נאָך ווייט נישט פאַרגאַנגען—
דער טאָג איז שוין שוואַרץ.

און קיינער... דאָס ווייס דאָך נישט קיינער,
ווי ס'גיהנום'ט מיין בלוט.
צו שטיינער אַנטלויפן, מיט שטיינער
צעקלאַפּן מיין וואוט.

צעלאַכן זיך ווילד ביז משוגע
און לויפן פון שטאָט,
פון אַלע די ניכטערע קלוגע,
וואָס לעסטערן גאָט...

1923

# ג ר י נ ס

גרינס! אביסעלע זאפטיקן גראַז...
איך בין אזוי מיד.
פון מלחמה און שלום.
פון פריינט און פון פיינט —
מיד...

גרינס! ליגן אויף דער ערד
מיט די אויגן צום הימל,
מיט די אויגן אריין אין דער בלויקייט
ביזן פאַרשטאַרבן...
ביז די נשמה וועט ווערן
אזוי בלוי, ווי דער הימל.

אַנדערע האַנדלען מיט געלט און מיט לעבנס,
אַנדערע זינגן מיט פאַלש און מיט אמת —
איך בין נישט מער, ווי אַ טרוימער,
איך בין נישט מער, ווי אַ זינגער —
איך בין פאַרליבט אין אביסעלע נרינס...

1923

# איך האָב גערעדט

איך האָב גערעדט... ווען דאָס שווייגן איז נוצלאָז געוואָרן,
ווען פערשוועכט איז דער ריינסטער פּאַרקנס...
איך האָב געפרעסן מיין בלוטיקן צאָרן
צו אַלעמענס לאַכן און שפּאַס,
איך האָב געפרעסן מיין בלוטיקן צארן
און זיך געטיילט מיט די הינט פון דער גאַס.

איך האָב גערעדט... איך האָב פון ווייטיק געשריגן,
איך האָב מיין ווייטיק געוואָרפן אין גאַס...
אָבער דאָס טיפסטע, וואָס איך האָב פאַרשוויגן:
מיין ביטערן, מאַכטלאָזן כעס...
אָבער דאָס טיפסטע, וואָס איך האָב פאַרשוויגן...
וואָס ווייסט די גאַס?

1929

# די צייט

די גרויע צייט זי טראָגט אויף אירע קאַלטע פּלייצעס
דאָס ביסעלע באַגאַזש פון אונזער דור,
וווהין? צו וואָס? זי פרעגט אונז נישט קיין עצות,
זי איילט זיך נישט און געניצט אויס אַ יאָר.

זי טראָגט א זאַק, אין זאַק אַ מענגע זעקלעך
דיינס אַ טאָג און מיינס אַ שעה...
דעם רייכנס פרייד, דעם קבצנס ברעקלעך —
זי גייט, זי קריכט פאָרויס
זי גייט אַוועק...
און שטענדיק איז זי דאָ.

1924

## מיין עלנט

עס ווילט זיך מיר נעמען, מיין עלנט!
ווי אַ קינד אין אַ וויגעלע לייגן,
פאַרמאַכן די אויגן
און וויגן, און וויגן...

מיין עלנט! כ'האָב דיך פאַרשוויגן,
כ'האָב דיך אונטערגעוואָרפן אויף פרעמדע,
אויף פינסטערע וועגן.
מיין שטאָלץ און מיין גרויסקייט,
מיין בלויער פאַרמעגן,
מיין קינד און מיין פריינט,
מיין עלנט!

1924

## מיר זענען א טרעפּל

מיר זענען א טרעפּל... אויף אונז וועט שוין שפּרייא
די צוקונפט מיט זיכערע טריט.
מען וועט אונזער פאַרמעסט פאַרבייטן אויף אייזן,
פאַרטויבן וועט שטאָל אונזער ליד.

אין אונזערע קינדערישע טעג איז געלעגן
די זון אויף דער גאַס, ווי אין פעלד
איצט גיהנומט און רעדלט אויף גאַסן און וועגן
די זון איז פון ריזן פאַרשטעלט...

מיר שווינדלען, מיר שמוגלען מיט פאַלשע פּאַטענטן,
מיר כאַפּן די צוקונפט מיט געוואַלט...
מיר אַלע, וואָס לעבן נאָך מיט סענטימענטן
מיר אַלע, מיר זענען שוין אַלט.

1926

# אינהאַלט

## רויזן



## אומרו

## שטימונגען